# סענקע האַראַבעץ — מײַן בעסטער גוטערברודער

I

סענקען איז דרײַצן און מיר איז אויך דרײַצן. זײַנען מיר ביידע גלײַך. סענקע איז אבער דיק און געזונט און איך פאַרקערט: איך בין א דאַרער און דערצו נאָך מיט א לאַנגער נאָז. מײַן לאַנגע נאָז רופט אפילע בא אייניקע פון אונדזער כאַווריײַע ארויס א געלעכטערל. מע האט מיר שוין איבער דער נאָז א צונעמעניש געגעבן. „דאָלגאָנאָס" האט מען מיך אָנגערופן. זאָל זיין „דאָלגאָנאָס". עס אַרט מיך? בא אונדז איז אזוי אײַנגעפירט: אז מע גיט דיר א צונעמעניש, טאָרסטו זיך ניט באַליידיקן. באַליידיק איך זיך ניט.

סענקע רופט מיך אבער אי „דאָלגאָנאָס", אי „ליאַמזע". פארוואס עפּעס „ליאַמזע"? — דערפאַר, ווײַל איך רעכן זיך פאַר א ספּעץ אף ליאַמזען פון די טישלעך. יעדערער האט זיך בא אונדז זיין פּראָפעסיע, און מײַן פּראָפעסיע איז ליאַמזען. ליאַמזע איך. און סענקע הייסט בא אונדז „האָראָבעץ". פארוואָס עפּעס אזוי? — דערפאַר, ווײַל אז ער גייט, שפּרינגט ער טאָמיד אונטער, אזוי ווי א האָראָבטשיק — סקאָק, סקאָק...

האָראָבעץ זאָגט:

— דאָלגאָנאָס! אָן שטייט איינע און פאַרקויפט לאַטקעס, איז גיי צו און ליאַמזע בא איר אָפּ א פּאָר. מיר האבן שוין, דאַכט זיך, לאַנג קיין לאַטקעס ניט געגעסן.

גוט, גיי איך צו און ליאַמזע בא איר אָפּ א פּאָר לאַטקעס. עסן מיר לאַטקעס.

האָראָבעץ זאגט:

— דאָלגאָנאָס! עס פאַלן בא מיר אראָפּ די הויזן. אָן שטייט איינער און פארקויפט פאסן, איז גיי צו און ליאַמזע אָפּ א פאַס.

גוט, גיי איך צו און ליאַמזע בא אים אָפּ א פאַס. — נאַ דיר א פאַס און גאַרטל אונטער דיינע הויזן. וואס סענקע זאגט, פאָלג איך. און אויסער דעם, האב איך אים שטאַרק ליב. איך פיל, אז ער איז טאַקע מיין בעסטער גוטערברודער.

מיט האָראָבעצן האב איך זיך באקאַנט בא אונדז אין שטאט. איינמאָל — האַרבסט איז עס געווען — שטיי איך אזוי און פארקויף פאַפּיראָסן, גייט צו צו מיר א יאַטל און גיט מיט א קולעק א זעץ אונטערן קעסטל, פליען בא מיר ארויס אלע פאפּיראָסן און גלייך אין בלאָטע אריין. די פאפּיראָסן זיינען ניט מיינע. פערעלמאַן האט זיי מיר געגעבן פארקויפן, עפשער וועל איך עפּעס פארדינען דערביי. האבן זיך אזש בא מיר טרערן באוויזן אין די אויגן:

— דו, כאַם! זעסט וואס דו האסט געטאן?!

גייט ער צו און פארשאַרט נאָך די פאפּיראָסן טיף אין דער בלאָטע אריין.

צעוויין איך זיך. — גייט ער צו אוןווישט מיר אָפּ די נאָז:

— ניו-ניע! וואס האב איך דיר אזוינס געטאן, וואס דו רע-ועסט?

איר הערט? וואס האט ער מיר אזוינס געטאן, וואס איך רעווע? ווי וועל איך זיך איצט באַווייזן אַבע פערעלמאַנען פאר די אויגן. און ווו וועל איך נעמען אזויפיל געלט אָפּצאָלן אים פאר די פאַ-פּיראָסן, אז כ'האב היינט ערשט איין פעקל פארקויפט? ער וועט דאָך מיך צערייסן, אַבע פערעלמאַן, דערפאַר אף שטיקלעך!..

כ'האב זייער מוירע פאר אים. ניט אזוי פאר אים אליין, ווי פאר זיין אויסזען. ער איז א נידעריקער, אַבע, מיט א האָרב אף דער רעכטער פּלייצע. דער האָרב זעט בא אים אויס, ווי א שאַר-פער שפּיציקער שטיין. און די אויגן זיינען בא אים טאָמיד אזוי רויט, ווי לונגען פון א נאָרוואָס-געקוילעטער בעהיימע...

אַז אַבע פערעלמאַן ט׳מיר געגעבן די פּאַפּיראָסן, האט ער מיר געזאגט:

— זע זשע, מיישקעלע, זײַ זשע ניט קיין שקאָץ, וואָרום דו האָסט דאָך צוטאָן מיט סכוירע. און סכוירע איז געלט... און געלט איז די וועלט... און די וועלט אָן געלט איז גאָרנישט מיט נישט... און איך, ווייסטו דאָך, האב אפילע ניט צום לעבן...

— דו, — זאג איך צום יאַטל, — כאַמילע! דו ווייסט, אז דאס זײַנען ניט מײַנע פּאפּיראָסן?

— איך פײַף אף יענעם, וועמענס פּאפּיראָסן דאס זײַנען. קאָנסט אים טאַקע אזוי איבערגעבן, אז איך פײַף אף אים.

זעט נאָר! ער האט מיר אָנגעטאָן אזוי פיל צאָרעס און רייצט זיך נאָך מיט מיר. גיב איך עס א שטעל מײַן „קלייטל" אף דר׳ערד און פּארפּאָר אים גלײַך אין בובנע ארײַן. דער יאַט איז אבער אויך ניט פויל און פּארפּאָרט מיר צוריק. ער האט מיר אזא סמאַליע געטאָן, אז כ׳האב באלד דערזען פאר זיך אלע שטיבער איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ. איך גיב א טאַפּ דעם שטערן, — צוויי גוליעס. און ער שטייט און לאַכט:

— איצט וועט דיר שוין זיין ליכטיקער צו גיין באַנאַכט אהיים. איצט, אז דו וועסט זיך אומקערן שפּעט באַנאַכט, וועסטו שוין זיך ניט ספּאָטיקען, ווײַל דו האסט שוין צוויי גוטע לאַמטערנס.

מע האט אונדז אבער גלײַך צענומען און אָפּגעפירט אין רײַאָן, און אף מאָרגן אינדערפרי ארויסגעלאָזט.

— וואס זשע רעכנסטו איצטער טאָן? — פרעגט בא מיר דאס יאַטל.

— איך ווייס? פרעג בא מיר גרינגערס, וועל איך דיר ענטפערן.

— וואָסי? ווו זײַנען דען דײַנע עלטערן?

— זיי ליגן אין דר׳ערד און באַקן בייגל.

— אזוי גאָר? אויב אזוי איז גוט. מײַנע זײַנען אויך „בעקערס". איז עפּשער וואָלטן מיר צוזאַמען געמאַכט א שטיקל יאַזדע איבער דער וועלט? סײַווי וועלן מיר פּייגערן. איז שוין בעסער אין אַן אנדער שטאָט. כאָטש נאָך א שטאָט זען.

— גוט. ווי זשע רופט מען דיך?

— סענקע.

— און דיך?

— מיישקע.

סענקע נעמט ארויס א מעסערל און זאגט:

— גיב, וועל איך דיר אביסל איינדרייען די לאַמטערנעס. צו־פיל שיין פאַטערסטו. — און קוועטשט מיר צו מיטן מעסערל די גו־ליעס. — און איצט — זאגט ער — קום צו וואָקזאַל, וועלן מיר פאָרן.

— ווהין זשע וועלן מיר פאָרן?

— ווהין דער צוג וועט גיין, אהין וועלן מיר פאָרן.

— נו, און וואס וועלן מיר עסן?

— דאס, וואס וועט אונדז געפעלן, דאס וועלן מיר עסן.

— איז מיר געפעלט אָף.

— דיר געפעלט אָף? איז אָן שטייט א ייִדענע און פארקויפט אָף, גיי צו און ליאַמזע בא איר אָפּ א שטיקל, וועלן מיר עסן אָף.

— און אז מע וועט מיך כאַפּן?

— וועט מען דיר געבן קלעפּ.

— האב איך מוירע...

— פארשפּאָרסטו דאַן וועלן עסן.

נו, גוט. איך גיי צו צו דער ייִדענע און גיב קלוימערשט א פרעג:

— מומעניו, וויפל קאָסט בא אייך א שטיקל געפרעגלט אָף?..

— דו, שמאַראָוואָזניק! טאָפּ נישט מיט די הענט! וועסט סײַווי נישט קויפן!..

ווי געפעלט אייך?.. איך גיי צו און וויל בא איר קויפן א שטיקל געפּרעגלט אָף, צעשרײַט זי זיך נאָך אף מיר! גיב איך עס א כאַפּ פון טישל צוויי שטיקלעך אָף און—וואַיווורעך!.. די ייִדענע האט פארקאַטשעט דעם פאַרטעך און פליט מיר נאָך מיט צע־שפרייטע הענט:

— גאַנעפּעך! כאַפּט אים! נאָר איך זע, אז סענקע פאלט איר גלײַך אונטער די פיס און די ייִדענע פליט שוין איבער אים...

אָט דאס איז געווען מײַן ערשטע באקאַנטשאַפט מיט סענקען. ווען מיר האבן אָפּגעגעסן די געפרעגלטע אָף, האט מיר סענקע א ליוב געטאן:

— ווערליק ס׳ערשטע מאָל, וועסטו ניט שלעכט ליאַמזען. נו, און איצט קום צום וואָקזאַל, דער צוג וואַרט שוין, מיסטאַמע, אף אונדז.

מיר קומען אפן וואָקזאַל, גיט דער גלאָק א זעץ דרײַ מאָל: דזין — דזין — דזין... סענקע שפרינגט באלד ארוף אף א בופער פונעם לעצטן וואַגאָן און זיצט. און איך שטיי ווי א גלאָמפּ און קוק.

— נו, גיכער! — שרײַט סענקע.

— וואס גיכער?

— כאַפּ זיך ארוף אפן בופער. וואס קלערסטו?

איך לויף נאָך דעם צוג און קאָן זיך ניט ארופכאַפּן. גיט מיר סענקע א כאַפּ פארן קאָלנער און א שלעפּ צו זיך:

— זיץ און קוק.

וווהין פאָרן מיר? איך ווייס ניט. עפשער פאָרן מיר קיין באָברויסק און עפשער פאָרן מיר קיין וואָראָניעזש. ווער ווייס?.. איך פרעג:

— סענקע, וווהין פאָרן מיר, דו ווייסט ניט?

— וואס בין איך א נאָווי? — וווהין דער צוג פירט אונדז, אהין פאָרן מיר.

און דער צוג האט זיך עמעס צעיאָגט. ס׳רײַבט מיר אביסל דעם געזעס פונעם בופער. צו הארט. איך דריי זיך יעדער ווײַלע פון איין זײַט אף דער צווייטער און קאָן אף קיין אָרט ניט אײַנזיצן. האָראָבעץ זאגט:

— מיישקע! זיץ אײַן! מיישקע, וועסט אראָפּפאלן, וועט דיר קיינער ניט אופהויבן.

ער איז טאַקע גערעכט. אז איך וועל אראָפּפאלן, וועט מיר קיינער ניט אופהויבן. און דער צוג יאָגט. עס קלאַפּט בא מיר א צאָן אף א צאָן. אי פון פאַכעד, אי פון קעלט. און סענקע זיצט

זיך רויִק. סענקע זיצט זיך אזוי רויִק, ווי ער וואָלט גאָר געפּאָרן אין א באזונדער קופּע און ניט אַף קיין בופער. ער זיצט זיך זייער רויִק און פּיפּקעט א פּיפּקע...

וווהין זשע פאָרן מיר?

II

ווי ס'איז נאָר פאראַן א מיסטקאַסטן, האב איך מיט סענקען גע־נעכטיקט... איינמאָל האב איך אפילע אין א מיסטקאַסטן א גיל־דערנעם צאָן געפונען. טאַקע פון עמעסן גאָלד. האט מען אבער בא מיר אָפּגענומען דעם צאָן און נאָך געגעבן א פּאָר מאַקאַראָ־נעס אין קאַרק אריַין... האָראָבעץ האט דאן געזאגט אַף מיר, אז איך בין א גרויסער טויגעניכטס און שלימאַזל, לעמיַי איך האב גלאַט אזוי אָפּגעגעבן דעם צאָן. ער האט געזאגט:

— האסט דען יענעם ניט געקאָנט געבן מיטן קאָפּ אין קין אריַין, הא? ווען דו טוסט עס, פליִען בא יענעם ארויס אלע זיַינע ציין, און דאַן וואָלט ער שוין פארשפּאָרט נאָך דיַין צאָן זיך נאָכיאָגן.

האָראָבעץ איז גערעכט. איך האב נאָך אפילע דאַן געזאגט:

— ביסט גערעכט, סענקע.

— אבער וואס זשע וועלן מיר איצט פיקן, ליאַמזע מיַינער?

און פיקן איז טאַקע בעעמעס ניט געווען וואס. כאָטש נעם און גיי אויס.

— ווייסטו וואס — זאגט האָראָבעץ — רויט אדער טויט. שטעל זיך און ליאַמזע אפן „זעקס", קריך איך באלד אריַין אָט אין יענעם פענצטער.

גוט. איך שטיי אפן „זעקס". אין מיַין פליכט גייט אריַין איין קלייניקייט, — פון וואס עס איז, אַגעוו, אָפּהענגיק אונדזער ביידנס גורל, — טאָמער עפּעס וואס, דארף איך אים שוין געבן צו וויסן. איך דארף אים נאָר זאגן דאס וואָרט „זעקס", וועט ער שוין אלץ פארשטיין און וועט באלד נעמען די פיס... הייסט עס, בין איך

א וועכטער. מייַן כאַוועֶר, סענקע האָראָבעץ, טוט איצט אָפּ א וויכטיק שטיקל ארבעט. זייער אַן ערנסטע ארבעט. ער קריגט איצט פאר אונדז ביידן כאַיונע. ער איז עמעס איצט אין א גע־פערלעכער לאַגע פון מיר, אבער פון מיר איז אָפּהענגיק אונדזער ביידנס גורל. טאָמער גייט עמעצער און איך וועל אים ניט באַ־ווייַזן געבן צו וויסן: „זעקס",— זייַנען מיר ביידע פאַרפאַלן. פירט מען אונדז ביידן אָפּ אין אויסשפיר. און דאָרט טוט מען נאָר א קוק אף אונדז און מע הייסט אונדז באלד ווייַזן די פינ־גער. און אז מע הייחט אונדז שוין ווייַזן די פינגער, הייסט עס, אז מיר האבן זיך „פאַרשאָטן" ביז די אויערן. ווייַל אונדזערע פינ־גער זייַנען שוין אין אויסשפיר אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן; אין אויס־שפיר ווייסט מען שוין, אז מיר זייַנען צוויי גאַנאָווימלעך, וועט מען זיך מיט אונדז ניט צערעמאָניען... יאָ, יאָ, מיט אונדז צע־רעמאָניעט מען זיך ניט. אונדז, אז עמעצער כאַפּט בא דער האנט, איז גיט מען אונדז די עמעסע קלעפּ אויך, יאָ, און מיר טאָרן נאָך אפילע קיין פּיפּס ניט טאַן. וואָרום וואס וועט עס אונדז העלפן? ס׳וועט אונדז העלפן, ווי א טויטן באנקעס. און, ביכלאַל, וואס פאַר א פּאָנים וועלן מיר דאַן האבן, אז מיר וועלן זיך פלוצים צעניוניען?..

סענקע איז אריַינגעקראָכן אין א פענצטער אריַין און איך האב זיך געשטעלט אפן „זעקס". האָראָבעץ נישטערט אין א פרעמדן צימער. האָראָבעץ זוכט. ער דארף געפינען אזא זאַך, וואס וועגט זייער ווייניק און וואס קאָסט זייער פיל; ער דארף געפינען אזא זאַך, ער זאָל עס קאָנען אריַינשטופּן אין א קעשענע אדער הינ־טער דער פּאַזוכע, וואָרום איצט איז העלער טאָג, און טאָמער וועלן מיר טראָגן א צו שיינע זאַך, וועט מען גלייַך באמערקן, אז מיר האבן עס צוגעשלעפּט...

האָראָבעץ נישטערט. האָראָבעץ זוכט א טייַערע זאַך. דערפאר, ווייַל פון דעם וועלן מיר קאָנען דורכלעבן א שטיק צייַט, און אניט וועט אונדז אויסקומען מאָרגן ווידעראמאָל ערגעץ קריכן, ווי־דער א דולעניש...

איך שטיי אף „זעקס“. איך היט. איך היט סענקען און היט זיך. מײַנע אויגן טאָרן איצט ניט דורכלאָזן קיין איין מענטש. עס איז שוין דורך א מינוט פֿינף און סענקע קריכט נאָך אלץ ניט ארויס. גיב איך א שטילן פֿײַף. אף אונדזער לאָשן הייסט דאס:

— נו, וואס?

און אזוי ווי איך האב עס געגעבן א פֿײַף, האט מיך עמעצער מיט א לײַכטער זאַך דעם קאָפּ איבערגעדעקט און איך זע גאָר ניט.

אוי, — טראַכט איך — עפשער מאַכט מען מיר „די פינצטער־ניש“ און מע וועט מיך באלד נעמען גערייקן. עס האט מיר פאר־שטעלט די אויגן און דאס מויל און איך קאָן אים אפילע נישט געבן צו וויסן: „זעקס!“ — דאס הייסט:

— האָראָבעץ, נעם די פיס, שעסטאַיאַ!..

נאָר באלד האט מיך דערזעלבער עמעצער א טורקע געטאן מיטן פוס אינעם ווייכן אָרט:

— פּאַרטיק. דאס בין איך.

איך האב זיך אומגעקוקט: האָראָבעץ!

— געמאַכט. לאָמיר גיין.

גייען מיר. הײַנטיקס מאָל האבן מיר אונדזער שטיקל ארבעט אויסגעפילט ריין און פֿײַן, פונקט אזוי ווי מע דארף. סענקע האט צוגעשלעפט א פיקסענעם קעלנערל, א שיין קעלנערל. פון דעם ווייכינקן פיקסענעם פעלעכל קוקן ארויס צוויי בלויע גלע־זערנע אייגעלעך. האָראָבעץ זאגט, אז דאס איז זייער א טײַערע זאַך. ער האט עס צוגעשלעפט בא אַן אקטריסע. פונוואַנען ווייסט ער, אז דאַפקע בא אן אקטריסע? ווײַל ער האט זי געזען, די אקטריסע, הענגען אף דער וואַנט. זי איז אראָפּגענומען מיט א דין שמייכעלע, און איר האלדז איז אײַנגעהילט אין א פיקסל, אינעם זעלבן פיקסל, וואס ליגט איצטער בא סענקען הינטער דער פאַזוכע. דעמזעלבן פּאָרטרעט האט סענקע געזען הענגען אין דער שטאט מיט אן אופשריפט:

„צו דער ארויסטרעטונג פון דער זינגערן וו.“.

סענקע איז א כוואַט. מיר ווע̇לן פון דער מעצי̇ע אָפּלעקן דאס עמעסע ביינדל... אבער ווו פארקויפט מען עס? און ווע̇מען? פּאַרקויפן עס אירינען, וועט זי געבן פאר דעם א פּאָר גילדנס און וועט נאָך דערצו זאגן:

— ע, ס'איז ניט קיין סכוירע. ווער וועט עס בא מיר קויפן?.. נאָר כ'ווייס, זאָל עס ליגן...

זי עמעס קלוג! טאָמיד וויל זי אונדז אָפּנאַרן! און אליין פאַרדינט זי דערנאָך אף אונדזערע זאַכן די עמעסע קאָפּיקע אויך. יאָ!

ווע̇מען פארקויפט מען דאס פּיקסל? ווי אזוי פארקויפט מען עס אזוי, אז מיר זאָלן זיך ניט פארשיטן?

סענקע זאגט:

— ליאַמזע! גיי אפּן מאַרק און פארקויף עס דו, ווייל בא דיר איז א לאַנגע נאָז, וועט מען מיינען, אז דו ביסט א קרעמערס א זון.

גוט. איך וועל עס גיין פארקויפן. אבער אז מע וועט נאָר א קוק טאָן אף מייַנע מאַלבושים, וועט מען מיך גלייַך דערקענען. און דאַן וועט פארפאלן גיין אונדזער גאנצעביידנס האָרעוואַניע. האָראָבעץ זאגט:

— ליאַמזע! ס'איז דאָ א פּלאַן.

— נו?

— לייג זיך אוועק אינמיטן גאַס און הויב אָן קוויטשען.

— נו?

— לייג זיך אוועק אינמיטן גאַס און הויב אָן קרעכצן, וועט מען מיינען, אז דו ביסט א קראַנקער און מע וועט דיך באלד אָפּפירן מיט א קאַרעטע אין שפּיטאָל. איז בעשאַס מע וועט דיך אין שפּיטאָל נעמען מעסטן די טעמפּעראַטור, ווע̇סטו א שנעל טאָן דעם טערמאָמעטער פונונטן מיטן פינגער, וועט בא דיר ווערן פערציק, און, אז בא א מענטשן איז פערציק, לאָזט מען אים אין שפּיטאָל. אָף מאָרגן אינדערפרי זאָלסטו שוין דעם טער־מאָמעטער ניט שנעלן, נאָר זאָלסט זיך בעטן, מע זאָל דיר

אָפּפירן אין קינדערהויז. אין קינדערהויז וועט מען דיך אַרומוואַשן, אָנטאָן אין א קאָסטיום מיט אַלע זיבן זאַכן; מאַכסטו באַנאַכט די פּלייטע, און דאַן קאָנסטו זיך פרײַ גיין אפן מאַרק פּארקויפן דאס פּיקסל. קיינער וועט דיר שוין ניט כוישעד זיין, אז דו ביסט פון די בעספּריזאָרנע. פאַרשטאַנען?

יאָ, איך האב פאַרשטאַנען. איך האב אַלץ פאַרשטאַנען. איך דאַרף אָפּשפּילן א שיינע סצענקע. איך דארף באַלד ווערן אין מיצקע־דערינען א כוילע. גוט. אבער איך וועל נאָך עס מאַכן בעסער, ווי סענקע לייגט פאָר. איך וועל פּאָשעט גיין איבער דער גאַס און פּלוצים א פאַל טאָן און אָנהויבן זיך וואַרפן, ווי א פיש אף דער יאַבאָשע... איך האב נאָר פּײַנט דעם אוילעם, וואס שטעלט זיך טייקעף ארום בא אזוינע סצענעס. אז סע קלײַבט זיך צונויף אזא אוילעם, איז הויבט באַלד אָן יעדערער זאגן זײַנס:

— א קראנק קינד נעבעך... א ראַכמאָנעס... אך, וויפל קינדער ווערן עס בא אונדז אזוי פאַרפאַלן!..

אָדער:

— אָט אזוי וואַלטן אַלע געדאַרפט אויספּייגערן, וואַלטן בא אונדז קיין גאַנאָווים ניט געוואַקסן...

צי:

— מיסטאַמע איז בא אים דאס פּאַלעניש... מע דארף אים א זעץ טאָן מיט א טאָפּ איבערן קאָפּ, וועט ער זיך טייקעף אופכאַפּן...

אָט דאס האב איך זייער פּײַנט. איך קאָן נישט לײַדן, אז מע הויבט אף מיר אָן ראַכמאָנעס האבן און מע הויבט אף מיר אָן זאָגן: נעבעך... ווען איך הער, אז עמעצער זאָגט אף מיר „אַך, א ראַכמאנעס!" — גלוסט זיך מיר יענעם אָנכראַקען גלײַך אין מאָרדע ארײַן. אָט אַזאַ יאַט בין איך. און אזעלכע זיינען מיר אַלע. סענקע האָראָבעץ איז אויך אזא.

אף מאָרגן בין איך געקומען צו האָראָבעצן שוין אַן איבערגעקליידעטער פון קינדערהויז. סענקע האט געזאגט:

— מאָלאָדיעץ דאָלגאָנאָס! דו וואַקסט א לײַט. נישקאָשע, מיטדערצײַט קאָן פון דיר אויסוואַקסן א גרויסער גאנעוו. נו, און

איצט פארקאַטשע די אַרבל און נעם זיך צו דער ארבעט. נאַ דיר דאס פיקסל און זע דינג זיך גוט. דינג זיך אזוי, ווי דײַנע יידע־לעך דינגען זיך, וועט שוין זיין גוט. אבער טאָמער פארשיסטו זיך, איז, ערשטנס, „אַמבאַ״, און צווייטנס...

וואס הייסט „אַמבאַ״ ווייס איך שוין. „אמבאַ״ הייסט אף אונ־דזער שפּראַך: טאָמער פארשיסטו זיך, איז היט זיך. היט זיך פאר קלעפּ. ניט פאר אזעלכע, וואס מע גיט דיר בעשאַס מע כאַפּט דיר בא דער האנט,— ניין. יענע קלעפּ זײַנען קעגן די, וואס הייסן „אמבאַ״, נאָר א גלעט איבערן פּענימל... דאס איז, ערשטנס. און צווייטנס, בין איך ביכלאַל א פארפאַלענער. וואָרום בא אונדזער מעלאָכע איז בעסער, אז מע איז אין אַן ארטעל. אז מע איז ניט אין קיין ארטעל, איז ליגט מען שטענדיק אכצן איילן אינדר׳ערד. און אז איך וועל זיך פארשיטן, וועלן אלע אונדזעריקע וויסן. און דאַן בין איך א פארפאַלענער.

איך טראָג דאס פיקסל אײַנגעוויקלט אין א פּאפּיר. איך גיי זיך רויִק און וואַזשנע איבער דער גאַס, קלוימערשט אַן ערנסטער מענטש גייט עס. איך גיי זיך זייער רויִק און קוק זיך ארום אף די אַפּישן.

איך וויל זיך איבערצײַגן, צי איז עס טאַקע בעעמעס אַן אקטריסעס א פּיקסל, צי ניט. איך זוך, איך נישטער מיט די אויגן יעדער אפישע און פּלוצים הויבן אף מיר אָן קוקן פון די ווענט צוויי שוואַרצע אויגן. שוואַרצע ווי די נאכט. און צוויי שמייכלענדיקע ליפּן. דאס איז זי. יאָ. דאס איז זי. דער האלדז איז טאַקע אײַנגעהילט בא איר אין א פּיקסענעם קעלנערל. און טאַקע פּונקט דער, וואס איך טראָג איצט הינטער דער פּאַכווע. פונעם קעלנערל קוקן ארויס צוויי בלויע גלעזערנע אייגעלעך. איך קוק אף דער אַקטריסע און איך טראַכט:

— מאדאם, וואס שמייכלט איר? מאדאַם, ווען׳ איר זאָלט וויסן, אז איך טראָג איצט פארקויפן אײַער פּיקסל, וואָלט איר שוין ניט געשמייכלט. ווען איר זאָלט וויסן, אז מיר האבן בא אייך צוגע־שלעפּט אזא זאַך, אָן וועלכער אלע אײַערע ארויסטרעטונגען וועלן

איצט פארלירן דעם גאנצן כּיין, וואָלט איר שוין אַף געוויס ניט געשמייכלט. יאָ.

און איך גיי. איך האָב שוין אופגעהערט צו קוקן אַף דער אקטריסע. צוליב וואס דארף איך זיך דאס רייצן מיט איר? אבער ווי אפצולאָכעס קוקט זי איצט אַף מיר פון אַלע אפישעס. און פלוצים קוקט נאָך אפילע דאס פּיקסל אויך. וואס האט צו מיר דאס פּיקסל?

נאָר איך גיי. איך שפּאַן. איך קוק זיך אינערגעץ ניט ארום. איך שפּאַן מיר גלײַך צום מאַרק.

## III

מיר האבן דאס פּיקסל באנעצט ווי עס באדארף צו זיין. האָראָבעץ האט געקויפט א בוטל בראָנפן און מיר האבן געמאַכט דעם עמעסן שנאַפּס. אז האָראָבעץ שיקערט זיך אָן, זינגט ער טאָמיד אומעטיקע לידלעך. קיין פריילעכע זינגט ער קיינמאָל ניט. און איך, פאַרקערט, איך האָב אונטערגעמורמלט עפּעס א קורסקער פריילעך לידעלע „יאַבלאָטשקאָ“ און „אויד לוי אָוודאָ טיקוואָסיינו“. פאַרוואס עפּעס „אויד לוי אָוודאָ“? — דערפאַר, ווײַל קיין אנדערע לידלעך ווייס איך ניט קיין ייִדישע. איך געדענק, אז מײַן שוועסטער איז געווען א ציִעניסטקע, אדער פּויאַלע-ציִעניסטקע (כ'ווייס אליין ניט וואס זי איז געווען), האט זי טאָמיד געזונגען דאס לידעלע. און אירע כאַווײַרים, וואס פלעגן קומען צו אונדז, האבן דאס אויך געזונגען. זינג איך דאס אויך.

האָראָבעץ זאגט:

— ליאַמזע, אז דו זינגסט, איז אלציינס ווי א קאָטער מרוקעט...

איך קאָן ניט טרינקען. אז איך טרינק זיך א קאַפּעלע אָן, פאַרדרייט זיך מיר באלד דער קאָפּ און איך לאָז זיך גלײַך צופוס קיין ריגע... האָראָבעץ לאַכט פון מיר. ער זאגט:

— ליאַמזע, טרינק! ליאַמזע, כאַפּ ארײַן, שעם זיך ניט! אז מע קאָן נישט מאַכן קיין שנאַפּס, איז מען ניט קיין מאַנסבל.

אבער וואס זאָל איך טאָן, אז איך קאָן ניט? איך פיל, אז אָט־אָט־ברעך איך אלץ אויס. פונוואַנען זאָל איך דען קאָנען טרינקען בראָנפן? מײַן טאַטע האט קיינמאָל ניט געטרונקען. סײַדן פייסעך, סוקעס אדער שוועס פלעג ער נעמען אביסל ווישניאַק. נאָר יענץ — אויך זעלטן. און די מאַמע פלעג עס אפילע איגגאנצן אין מויל ניט נעמען. איז פונוואַנען זאָל איך קאָנען טרינקען?

הארָאבעץ זאָגט:

— ליאַמזע: פע, ניע ראָבעי!

ער זאגט:

— דאָלגאָנאָס! טאָמער טרינקסטו ניט אויס קיין פולע גלאָז מיטאַמאָל, ביסטו מיר ניט קיין כאַווער.

אזוי זאגט הארָאבעץ און ער איז טאַקע גערעכט. אז מיר האבן איניינעם צוגעשלעפט דאס פיקסל, דארפן מיר איניינעם באנעצן. אזוי פירט זיך טאָמיד. נו, גוט. איך כאַפּ א פולע גלאָז בראָנפן און גיב זי מיטאמאָל א קער איבער אין מויל ארײַן. איך מאַך מיטאמאָל אזא מינע, ווי איך וואָלט מײַן עלטערזיידן פון קייווער דערזען. איך פיל, אז איך קאָן דעם אָטעם נישט כאַפּן.

— ליאַמזע! נעם א שטיקל שוואַרץ ברויט און לייג צו צו דער נאָז.

ס'איז טאַקע א גוטער רייעך פונעם ברויט. אָבער איך פיל, אז איך קאָן אף אַן אָרט ניט אײַנזיצן. און הארָאבעץ האלט שוין א בוטל ביר. ער גיט עס א זעץ אין דר'ערד, פליט ארויס דער קאָרעק. שיט ער ארײַן אינעם ביר אביסל זאַלץ, גיט עס א כליופע ארײַן אין מויל און מאַכט: „אײַ, גוט".

וואס זשע איז דאָ די גוטסקייט?

— נו, ליאַמזע, האָדיע! לאָמיר גיין שפּאַצירן.

ווי קאָן איך גיין שפּאַצירן, אז איך האלט זיך קוים אַף די פיס?

הארָאבעץ זאגט:

— ליאַמזע! לאָמיר צוגיין אין סאָד, וועלן מיר זען, ווי קיטײַצעס הוידען זיך אף זייערע צעפּ.

גוט. גייען מיר. האָראָבעץ גייט גלײַך. אף אים איז גאָרניט צו דערקענען, אז ער האט אויסגעטרונקען דאס עמעסע ביסל. מיר קומען צו גיין אין סאָד און קויפן בילעטן, ווי אלע. האָראָבעץ האט זיך געקויפט א פאָר שיינע שוואַרצע קלאָיש מיט א ווײַסער קאָסאָוואָראָטקע און האט נאָך דערצו פארקעמט די האָר מיט שפּײַעכץ. לײַטישע יינגלעך! סטאַטעטשנע! באלד עפענט זיך דער פאָרהאנג און עס גייט ארויס אף דער בינע א גראָבער פארשוין און הויבט אָן שמייכלען. אז א מענטש שמייכלט, איז אים מיסטאַמע פריילעך. זאָל ער שמייכלען. נאָר באלד הערט ער אוף שמייכלען און זאגט:

— געהערטעס פובליקום — זאגט ער (צו מיר מיט סענקען אויך, פאַרשטייט זיך, מיר זיינען אויך דאס „געהערטעס פובליקום”). — געהערטעס פובליקום — זאגט ער — ליידער, ווערט אין אונדזער הײַנטיקער פּראָגראַם זיין א גרויסער בלויז. יאָ. איך מוז עס אייך פריִער מעלדן, קעדיי איר זאָלט דערנאָך נישט האבן קיין טײַנעס צו דער דירעקציע. יאָ. הײַנטיקן אָוונט ווערט די זינגערן וו. נישט ארויסטרעטן. מיט איר איז געשען אַן אומגליק. יאָ. אָט דאס האב איך אייך נאָר געוואָלט זאָגן אונ מיר טרעטן שוין צו צו אונדזער פּראָגראַם. און — שמייכלט, צעשפּרייט די ליפּן און קווענט.

וואס זשע איז דאָ די געדולע?

— ליאַמזע, ציך! — זאגט סענקע — ס'איז בא אים אזא פּראָפעסיע, קווענט ער.

נו, זאָל ער קווענקן! געזונטערהייט. אויב אים איז גוט, איז מיר ניכע.

נאָכדעם, ווי די קיטײַצעס האבן זיך שוין אָפּגעהוידעט אף זייערע צעפּ, זײַנען מיר אוועק שלאָפן. מיר האבן זיך צוגעלייגט טאַקע אינעם זעלבן סאָד אונטער א קוסט. די פליגן האבן אונדז ניט געביסן, זײַנען מיר געשלאָפן גאנץ רויִק. אז מיר נעכטיקן אין די מיסטקאַסטנס, בײַסן אונדז טאָמיד די פליגן. און הײַנטיקס מאָל ניט.

די ערגסטע זאַך איז, ווען מיר נעכטיקן אין די מיסטקאַסטנס. בעשאַס דו לייגסט זיך שלאָפן, זעסטו גאָרניט, און עס דוכט זיך דיר אויס, אז דו שלאָפסט אף א בעט... נאר בעשאס דו כאַפּסט

זיך אוף, זעסטו ערשט, אז דו ליגסט אף מיסט און אף ביינער, אף באשפיגענע פאפירן און אף אלטע טראנטעס, און אנדערע אלערליי שמוצן, וואס מע ווארפט ארויס פון שטוב. און גאנצפריי קריכן שוין אף דײַן פּאָנים פליגן, זלידנע, פּאסקודנע פליגן, וואס פליִען זיך אהער צונויף פון קלאָזעט... סע האדעט אזש צום ברעכן...

ווען אלע האבן שוין פאַרלאָזט דעם סאָד, איז דער לעצטער ארויס דער גראָבער פאַרשוין, וואס האט געשמייכלט פון דער בינע. ער איז געגאַן מיט א דאַרער דאַמע. לויט איר דאַרער פיגור און לויט אירע שטאַרק גלאַנצנדיקע זאָקן, וואָלט איך געמעגט שווערן, אז זי איז אָדער א באַלערינע, אָדער עפּעס אַן ערלעכע שליוכע...

ער האט געפרעגט:

— איר ווייסט וואס מע האט בא וו. צוגעגאַנוועט?

— וואס?

— דאס פיקסענע קעלנערל.

— נו?! איַי, איַי... דאס איז דאָך איר א געשאַנק... אזש פון אזיע, דאכט זיך, האט מען איר דאס געבראַכט. דאָ בא אונדז וועט איר אזא קעלנערל אפילע ניט קריגן...

סענקע האט געכראָפּעט און האט גאָרנישט געהערט. און איך האב געקוקט אף דער לעוואָנע און בין אײַנגעשלאָפן.

דאס פיקסל האט אונדז געקלעקט פונקט אף צוויי וואָכן. אז דאס פיקסל איז אויסגעגאַנגען, זאגט האָראָבעץ:

— ליאַמזע! מע דארף זיך ווידער נעמען צו דער ארבעט. מיר האבן שוין ניט וואס צו פיקן.

— וואס זשע זאָלן מיר טאַקע איצטער טאן? מער קיין פיקסלעך וועלן זיך אונדז שוין אזוי גיך ניט פּאַקן. קיין סאַך אזעלכענע פיקסלעך וואַלגערן זיך ניט אזוי אף דער ערד.

האָראָבעץ זאגט:

— ליאַמזע! מיר דארפן איבערבײַטן דאס אָרט. אייביק וועט אונדז דאָ ניט גיין. מע וועט אונדז איין מאָל פאר אלע מאָל פּאַקן און — קאפּוט.

טענקע איז גערעכט. מע דארף טאַקע נעמען דעם וועג פונ־דאנען. אבער וווהין —? אין אסאַך שטעט זײַנען מיר שוין אויס־געווען, אומעטום קען מען אונדז. אומעטום ווייסט מען אונדז.

— ליאַמזע! מירן פאָרן זיך באָדן אין שוואַרצן יאַם. גוט?

גוט. איך בין גרייט. אבער דערווײַל שפּילן שוין אין מײַן בויך די קישקעס א מאַרש. איך וויל עסן. איך בין הונגעריק.

האָראָבעץ קוקט אין אלע זײַטן. פּלוצים זאגט ער:

— דאָלגאָנאָס! אָן גייט א מאדאַם און טראָגט, דאַכט זיך, א פּעקל. איז גיי צו צו איר און פּרווו א שנאָרע טאָן. וועט זי ניט געבן, איז כאַפּ בא איר ארויס דאס פּעקל און נעם די פיס.

גוט. איך גיי צו צו דער מאדאַם און זאג:

— מומע, אנטלײַט מיר א פּאָר קאָפּיקעס. איך האב דאָ אין דער גרויסער שטאָט פארלאָרן מײַנע עלטערן. איך בין געפאָרן מיט זיי צו א מומע, בין איך אף דער סטאַנציע אראָפּ אף א ווײַלע פון באַן, און דער צוג איז אוועקגעפאָרן...

— דו לײַגסט ניט?

— ניין, זאָל איך אזוי דערלעבן מאָרגעדיקן טאָג, ווי איך לײַג ניט.

— א ראַכמאָנעס טאַקע... איך וואלט דיר אף געוויס מיטגע־האָלפן, איז האב איך קיין קליינגעלט ניט.

מיך האט אָנגעכאַפּט א פאַרדראָס. אז דו ווילסט ניט געבן, איז וואס זשע פרעגסטו, צי איך לײַג ניט?.. דו, נעקייווע! איך גיב בא איר א כאַפּ דאס רונדע קאַרטאָנען־קעסטל פון די הענט און לויף.

— קאַ־ראַ־אול! — שרײַט זי — מע ראַבעוועט!

נאר דאס קעסטל איז שוין בא האָראָבעצן אין די הענט.

מיר עפּענען עס אוף: זע נאר, ווי ס'גייט אונדז! — א הוט! גייען מיר ביידע אין מאַרק, פאַרקויפט די הוט. גייען מיר — הער איך:

— לייגסט א רובל — נעמסטו צוויי, לייגסטו צוויי — נעמסטו דרײַ!

איך גיי צו, שטייט א מאַראַפּעטשיק* און צעלייגט אף א טובאַ־רעטקע א בענדל און מאַכט פון דעם צוויי שלייפן. דו דאַרפסט אין איינעם פון די שלייפן אריינשטופן א פינגער; פאַרכאַפּט דער שלייף דיין פינגער, האסטו געוווּנען. פאַרכאַפּט עס ניט,— האסטו פאַרשפּילט.

איך גיי צו, שטופּ אריין א פינגער — פאַרשפּילט. איך שטופּ אריין דאס צווייטע מאָל — ווידער פאַרשפּילט.

— ליאמזע, ביסט א טויגעניכטס! — שטייט שוין האָראבעץ הינ־טער מיר,— באַ אזעלכע שווינדלער ווילסטו געווינען, האַ? וויש פריִער אָפּ די נאָז און גאַרטל גוט אונטער די הויזן! אָט לאָז, וועל איך.— און האָראבעץ שטעקט אריין א פינגער. דער מאַראַ־פּעטשיק טוט נאר א קוק אף סענקען און זאגט:

— נו! נעם גיכער דעם וועג פונדאנען, פּאָשאָל! אניט כאַפּסטו גלייך אין די ציין אריין!..

— וואָ־אס?

— אָט דאס, וואס דו הערסט?

האָראבעץ גיט א קער איבער מיט דער פוס די טובאַרעטקע און זאגט:

— אויב דו קערסט מיר באלד ניט אום דאס געלט, וואס מיין כאַווער האט פאַרשפּילט, איז דערצייל איך טייקעף אלעמען וועגן דיין שווינדלעריי. דאס געלט, וואס ער (ווייזט אף מיר) האט פאַר־שפּילט, איז מיינס. פאַרשטייסט?

— נו, נאַ דיר אָפּ דאס געלט און מאַך פּיס פונדאנען. נאָר גיכער! איך זע, אז דו ביסט א יאַט, א בלאַט**. נאר זאג דיין יאָלד (ווייזט אף מיר), ער זאָל מער ניט שטופן די הענט וווהין מע דאַרף ניט, וואָרום דאס אנדערע מאל וועל איך אים אָפּהאַקן די פינגער!..

גוט. איצט ווייס איך שוין. איצט וועל איך שוין מער מיט קיין מאַראַפּעטשיקעס ניט שפּילן.

* א מענטש, וואס נעמט איין קאָקאַין.

** פונעם וואָרט „בלאַטנאָי”.

האָראַבעץ זאָגט:

— ליאַמזע! קום צום וואָקזאַל, דער צוג וואַרט שוין אויף אונדז. מיר דאַרפֿן דאָך פֿאָרן זיך באָדן אין שוואַרצן יאַם.

גוט. לאָמיר פֿאָרן. איך האָב זיך טאַקע קיינמאָל אין שוואַרצן יאַם ניט געבאָדן. אונדזער טײַכל, וווּ איך פֿלעג זיך טאָמיד פּליוסקען, איז אַזוי טיף, אַז אַ קאַץ קאָן עס איבערגיין אינדערברייט און אינדערלענג. און דער שוואַרצער יאַם איז מיסטאָמע שוין עפּעס אַנדערש. אַ ניט וואָלט עס קיין שוואַרצער יאַם ניט געהייסן. אַזוי מיין איך. יאָ.

## IV

מיר זײַנען געפֿאָרן אין אַ באַרזשע. איך האָב געזאָגט:

— האָראַבעץ! זע, ווי די דעלפֿינען יאָגן אונדז נאָך און קוליען זיך אין דער גרין־בלויער וואַסער פֿון שוואַרצן יאַם! זע, ווי די הויכע בערג דרימלען אײַנגעהילט אין די בלויע וואָלקנס. זע!

ער האָט געענטפֿערט:

— איך זע עס אַלץ באַגלײַך מיט דיר, נאָר עס גייט מיר ווייניק וואָס אָן. און די דעלפֿינען קאָנסטו זאָגן, זיי זאָלן מיר קושן אין נאָז...

מיר זײַנען אַראָפּ פֿון דער באַרזשע. מיר זײַנען אוועק שפּאַצירן. מיר זײַנען אוועק זוכן אונדזערע נײַע מעקוימעס. איך האָב געזאָגט:

— האָראַבעץ! אָטעם אײַן אין זיך דעם מילדן ריח פֿון די שלאַנקע קיפּאַריסן, אָטעם אײַן אין זיך דעם דופטיקן ריח פֿון די ווײַסע מאָנגאָליע־בלומען...

ער האָט געענטפֿערט:

— דאָלגאָנאָס! נעם אײַן די שטומעניש! מיר געפֿעלט בעסער, ווי עס בליִען אַקאַציע־ביימער בײַ אונדז אין שטאָט; מיר געפֿעלט בעסער, ווי סע בליט אַ ווערבע נעבן אונדזער טײַך און ווי סע גרינט אַ דעמב בײַ אונדז אין קאַנט.

אָט דאָס האָט ער מיר געענטפֿערט, און ווײַטער גאָרניט. האָב איך זיך נאָכאַמאָל געפּרוווט:

— האָראָבעץ! זע, ווי דער בלויער יאַם שלאָגט אומבערואַכמאָ־נעסדיק דעם ברעג. זע, ווי די שוימיקע כוואַליעס צעשפּאַלטן זיך אָן די פעלזן און זעצן ווי א שטאַרקער קוואַל אינדערהויך צו. זע!
איך האָב געזאָגט:

— סענקע! זע, ווי די לעוואָנע האָט אויסגעשפּרייט איבערן יאַם א זילבערן סטעזשקעלע און ווי דאָס בלויע פּייערל פונעם טורעם שפּיגלט זיך באַנאַכט אין וואַסער, ווי א מיַעס קאָקעטקעלע...

אָבער האָראָבעצן איז עס אַלץ ניט געפעלן געוואָרן. האָראָבעץ איז בייז. אים איז דאָ אומעטיק. סענקע זאָגט, אַז די בערג מיט די קיפּאַריסן, מיט די לעוואָנעס, מיט די דעלפינען איז נאָר פאַר לײַדיקגייער און ניט פאַר אונדז. דאָס איז נאָר פאַר באַנק־קוועטשער, פאַר פּוסטעפּאַסניקעס, ווי פאָטאָגראַפן און אַנדערע שיינע לײַט. און מיר וועלן דאָ נאָר פאַרטריקנט ווערן פון דער זון, ווי א טאַראַנקע. מיר וועלן דאָ גאָרנישט ניט קאָנען אופּטאָן. און די בערג דאַרפן מיר האָבן אויף טיסטשי קאַפּאָרעס. יאָ!

מיר זיינען אַרײַן אין א סאָד און זיך צוגעזעצט אויף א בענקל. די קיפּאַריסן האָבן אונדז פון אַלע זײַטן געהיט, ווי געניטע מיל־טאָנען. איך האָב געזאָגט:

— האָראָבעץ! אויב דיר איז אומעטיק, קאָן איך דיר דערציילן א שיינע מעַסע וועגן דאָוויד האַמיילעך און גאָליעס־האַפּעלישטי.
„דאָוויד האַמיילעך האָט איינמאָל געזאָגט צו גאָליעס־האַפּע־לישטי אַזוי:

— גאָליעס! איך רוף דיך אַרויס אויף א פּאַרוועט. איך וויל זיך מיט דיר אַביסעלע ראַנגלען.

גאָליעס האַפּעלישטי האָט צעשפּרייט זיינע געזונטע פיס, צונויפ־געלייגט די הענט אונטער די פּאַכוועס, א קוק געטאָן אויף דאָווידן פון אויבן אַראָפּ און זיך צעלאַכט:

— דו, דאַווידקע, שמענדריק! וויש פריִער אָפּ די נאָז, איידער זיך גיין פּאַרמעסטן מיט גאָליעסן!

און אינדערעמעסן איז טאַקע אונדזער דאָווידל געווען א פּאַר־זעניש, א לעמעשקע קעגן גאָליעס האַפּעלישטי. יענער איז געווען

א הויכער, א געזונטער, א גוואַר! און אונדזער דאָווידל איז גע־
ווען א נידעריטשקער, א דאַרער, און מיט א לאַנגער נאָז נאָך אויך.
פונדעסטוועגן האט זיך אונדזער דאָווידל ניט פאַרלוירן און זאגט:

— נישקאָשע, גאָליעס, נישקאָשע, אלעמיי זאלט איר זיך אזוי
זארגן פאַר מיין נאָז? אָט האב איך א טיכעלע, וועל איך באלד
אָפּווישן די נאָז. אבער פונדעסטוועגן רוף איך דיר (שוין איבער־
געגאַן פון קאַעס אף „דו") ארויס. יאָ!

גאָליעס האט פאַריסן די קאָפּ צום הימל און זיך צעלאַכט:

— כאַ־כאַ! אָט דער פּיזשיק רופט מיך ארויס! מיט איין
פינגער, מיטן מינדסטן, מאַך איך באלד פון דיר א הערינג!..

אונדזער דאָווידן האט עס פאַרדראָסן און ער זאָגט:

— אויב דו ביסט טאַקע אזא גיבער, איז וואס ציטערסטו זיך
מיט מיר פאַרמעסטן?

— ווער, איך ציטער? — האט גאָליעס האַפּעלישטי זיך צעלאַכט,—
איך ציטער?

— ווער זשע, איך ציטער? — האט אונדזער דאָווידל שוין מער
דרייסטער אָפּגעענטפערט.

האַקלאַל איינער זאגט א וואָרט, דער צווייטער — א קוואָרט.
גאָליעס ווערט אינקאַעס און זאגט:

— נו, גוט, אבער זע, זאלסט באַ מיר דערנאָך ניט וויינען!

און מע פאַרקאַטשעט ביידע די אַרבל און מע גייט זיך עט־
לעכע טריט פאַנאנדער, קעדיי זיך צוגרייטן צום שלאַכט. און אונ־
דזער דאָווידל הויבט אוף א קליין שטיינדעלע און גיט זיך א צילע
אָן און טרעפט מיטן שטיינדעלע גלייך גאָליעסן אין שלייף אַריין
(ער האט גוט געקאנט צילען) און טויט אים גלייך אַפּן אָרט...
דו הערסט? אָט דער לעמעשקע, דאַכט זיך, נעמט און טויט מיט
א קליין שטיינדעלע אזא גוואַר, ווי גאָליעס האַפּעלישטי!..

סענקע דערהערט די מייסע ביזן סאָף און זאגט:

— ס'איז אַן אויסגעטראַכטע מייסע! ס'אַ ליגן! אז אייערע יידן
זאלן קאנען אזוי גוט צילען, גלויבט זיך מיר ניט. אָט וועל איך
דיר דערציילן וועגן אונדזער ניקאָליי טשודאָטוואָרעץ, וועסטו זען,

וואס פּאַר א מויפּסים יענער פלעג מאַכן. אונדזער ניקאָלײַ, אז ער פלעג, לעמאָשל, זאגן צו א זאָכער: „איך פאַרוואנדל דיך באלד אין א הינדיק!“ — פלעג באלד פונעם זאָכער ווערן א הינדיק. אַן עמעסער הינדיק. אז אונדזער ניקאָלײַ דער באַלמויפּעס פלעג, לעמאָשל, דערזען ארומשפּאַצירן א קאַץ און ס׳פלעג זיך אים ווילן די קאַץ פאַרוואנדלען אין א העלפאַנט, פלעג ער באלד א זאג טאָן: „איינס, צוויי, דרײַ“! און פון דער קאַץ איז שוין געווארן אַ העלפאַנט, אַן עמעסער העלפאַנט.

ווי זשע קאָן עס זײַן? וואס איז דער ניקאָלײַקע — א גאָט, צי וואס?

איך שלאָג אים איבער:

— האָראבעץ! אויב דו זאגסט, אז מײַן מײַסע וועגן דאָוויד האַמיילעך און גאָליעס האַפּעלישטי איז א ליגן, איז דײַן מײַסע וועגן ניקאָלײַען נאך א גרעסערער ליגן פון מײַנעם.

און מיר זיצן ביידע און מיר שווײַגן. דערווײַלע גייט צו א געקרײַזלטער טאָטערל און לאַכט. סענקע פרעגט:

— פּאַצאַן *, דו ביסט א היגער?

יאָ. ס׳ווײַזט זיך ארויס, אז דאס איז טאַקע א היגער „באָרזשאָ־מעץ“ און רופט רופט מען אים אַכאַט. די היימלאָזע הייסן דאָ, אין דער שטאָט, „באָרזשאָמצעס“. פאַרוואָס עפּעס אזוי? דערפאַר, ווײַל זיי נעכטיקן אין דער באָרזשאָמקע. דא אין דער שטאָט געפינט זיך אזא נאַכטלעגער, הייסט ער „באָרזשאמקע“, איז הייסן דע־ריבער אלע, וואס ניכטיקן דא, „באָרזשאמצעס“.

אז מיר וועלן דא איבערנעכטיקן, וועט מען מיך מיט סענקען שוין אויך רופן „באָרזשאמצעס“. זעט נאָר! אומעטום קרויגט מען אונדז מיט אַן אנדער נאָמען! אין איין שטאָט הייסן מיר „שפּאַנאַ“, אין א צווייטער — „ראַקלי“, דאָ — „באָרזשאמצעס“. ווער זייגען דאס די קלוגע מענטשן, וואס טראַכטן אונדז צו אזוינע שיינע נעמען, וואלט איך געוואָלט וויסן!

* פּאַצאַן — יינגל.

סענקע זאגט:

— אַכאַטקע! מיר זיינען געקומען צו פאָרן צו דיר צו גאסט, איז פאַרגרייט פאַר אונדז א גוטע וועטשערע, א כאטקע!

אַכאַטקע לויפט אוועק און קערט זיך אום אין א פאָר מינוט אַרום מיט א רינגל וורשט און מיט א פאָר בלאַסע דאַרע פּי־רעזשקעס.

— עסט וורשט מיט טשעבוריקעס! — זאגט דאָס געקרייזל־טע טאָטערל. עסט אָפּ וועטשערע, וועלן מיר דערנאָך גיין אין באָרזשאמקע קעמיַיען *.

אף מאָרגן אינדערפרי זאגט האָראבעץ:

— ליאַמזע, לאָמיר איבערלאזן קרים פאַר די סוכאָטניקעס און מירן פאָרן קיין אָדעס. דארט וועט אונדז זײַן גוט, ווי בא גאָט אין הימל!

אז סענקע וויל קיין אָדעס, איז זאָל זײַן קיין אָדעס. אין אָדעס וועט אונדז טאַקע זײַן בעסער. דאָרט זיינען טאַקע דא אסאך בלאַטע יאַטן. איך האָב אפילע געהערט, אז אין אָדעס וווינט מישע יאַ־פּאָנטשיק — דער קעניג פון אלע גאַנאָווים.

איך פרעג:

— האָראבעץ! דו האסט געהערט פון אזא באַוווסטן גאַנעוו, ווי מישע יאַפּאָנטשיק?

ער ענטפערט:

— דײַן מישע יאַפּאָנטשיק ליגט שוין פונלאנג אינדר׳ערד און באַקט בייגל.

— דו ווייסט עס טאַקע אף זיכער?

— שוין זשע ניט? די רויטע האבן יאַפּאָנטשיקן געפּאַקט און — אַמבאַ.

מיילע! אבער מע זאגט, אז ער איז טאַקע דער עמעסער גאַ־נעוו געווען. מע זאָגט, אז אונדזער מישע האט געקערט וועלטן. מע זאגט, אז אין דער גאנצער גאַנאָווישער וועלט איז גאָר צו

* שלאָפן.

אים קיין גלייַכן ניט געווען, אזא גאַנעוו איז עס געווען! מע זאגט, אז יעדער אָדעסער איינוווינער, איז פונקט אזוי ווי ער האט גע־ ווּסט, ווער עס איז פאָניע גאַנעוו, פונקט אזוי האט ער געוווּסט, ווער איז מישקע יאַפּאָנטשיק. און ניט נאר די אָדעסער, נאר אַפילע אין אנדערע שטעט אויך. אַפילע אין אויסלאנד אויכעט. אט אזא באַרימטער מענטש געווען! שוין קעדייַ, דאַכט זיך, צו זייַן אזא גאַנעוו, ווי מישקע יאַפּאָנטשיק! און עפשער ניט קעדייַ?

מיר זיינען געפאָרן קיין אָדעס, האט אונדז דער צוג גאָר פאַר־ פירט קיין כאַרקאָוו...

V

ביזוואַן איז דער שיר צו וואַנדערן? ביזוואַן איז דער שיר זיך ארומשלעפּן, ווי בלינדע הינט, און נישטערן שמוציקע ביינער? באַ מיר און באַ סענקען האט די לעצטע צייַט שטאַרק אָנגעהויבן בייַסן צווישן די פינגער. סענקע זאָגט, אז דאס איז אדער טשע־ סאָטקע, אדער עקזעמע. סענקע זאגט. פונוואַנען ווייסט ער עס? וואס איז ער, א דאָקטער, צי וואס? באַ מיר און בא סענקען האבן זיך באַוויזן קרעץ אַפן קאָפּ. סענקע זאגט, אז דאס איז זאָ־ לאָטוכע. ער זאָגט:

— דאָלגאָנאָס! די קרענק קאן נאָך אונדז דערטאָטשען. מיר מוזן זיך גיין אויסהיילן.

פאַרשטייט זיך. מיר מוזן זיך טאַקע גיין אויסהיילן, וואָרום איך פיל, אז מייַן קאָפּ ווערט פון טאָג צו טאָג אלץ שווערער און שווערער.

איך פיל שוין ניט קיין קאָפּ, נאָר א גרויסן שטיין, און דער שטיין דריקט זייער. ער דריקט ביז ווייטיק. כ'האב זיך אפילע מוירע צורירן צו דער קאָפּ, וואָרום, ווען כ'דערמאָן זיך וועגן מייַן קרענק, דריקט דער שטיין נאך שטאַרקער און ווייטיקער.

איך פרעג:

— האָראבעץ! וווהין זשע וועלן מיר גיין? וווהין זשע וועלן מיר זיך לאָזן?

ער ענטפערט:

— אין גובזדראַוו.

גוט. אין גובזדראַוו איז אין גובזדראַוו. מיר קומען אַהין צוגיין. מיר זאגן:

— הערט זיך איַן. בא אונדזביידן האט זיך מיטאַמאָל פּאָיאַ־וועט טשעסאָטקע און זאלאָטוכע, גיט אונדז אַן אייצע.

דער גובזדראַוו באַטראַכט אונדז, דער גובזדראַוו לאַכט:

— פּיַין... ווען איר פּאַרלאָזט עס נאך אביסעלע, ווערט איר ביידע פּאַרפוילט...

— וואס זשע איז דאָ דער געלעכטער? — פרעג איך.

— נו, נו! נאָר אָן כוצפּע! טאָטשקאַ. און צווייטנס, רוקט זיך אָפּ אביסעלע, וואָרום, אז מע האט טשעסאָטקע און זאָלאָטוכע, דאַרף מען זיך צו יענעם ניט צורירן. ווייל איר קאנט נאך יענעם אויך אָנשטעקן. יאָ... נאַט אייך א פּאַפּירל און גייט אף קלאָטשקאָווער 2. טאָטשקאַ. צום ווידערזען!

מיר קומען צוגיין אַהין, איז דאָרט א געוואַלט, נאך ערגער ווי אין א באָד. עס ווייַזט זיך גאר ארויס, אז די קלאָטשקאָווער 2 איז גאר א זאמל־אָרט פאַר אלע קרעציקע קינדער פון דער גאנצער וועלט.

סענקע זאגט:

— ליאַמזע! מיר דאַכט, אז עס שמעקט מיט א „פּריװט".

מיילע, אויב א „פּריװט", איז א „פּריװט". אויב מיר זיינען טאַקע אריַינגעפאלן אין א „פּריװט", איז נאך בעסער. וועלן מיר כאָטש האבן יעדן טאָג וואס צו פּיקן.

האָראבעץ זאגט:

— דאָלגאָנאָס! אויב עס וועט זיך ארויסווייַזן, אז דאס איז א פּריװט, מאַכן מיר די פּלייטע.

דערווייַלע גייט צו א יונגינק ווייַבעלע, א פעדאַגאָגיכע, מיסטאַם, און זאגט:

— נו, קינדער! קומט נאָך מיר, וועלן מיר אייך אויסבאָדן, איי־בערטאָן און באַווייַזן דעם שלאָפצימער.

האָראָבעץ שושקעט מיר אין אויער:

— ליאָמזע, זי וועט עס אונדז באָדן?

— איך ווייס? און אז זי וועט אונדז באָדן, איז וואס? אויב עס איז איר אזוי שטאַרק אַנגענעם צו באָדן קרעציקע קינדער, איז זאָל זי עס טאָן. מיר דערלייגן דען צו דעם אסאך, צי וואס?

האָראבעץ טוט מיר ווידער א שושקע:

— ליאָמזע! אויב זי וועט עס אונדז באָדן, וועט זיין לאַפּאַ! *

זי פירט אונדז אריין אין א וואַנע־צימער און זאָגט:

— קינדער! נאַט אייַך צו שטיקלעך זייף און וואַשט זיך גוט ארום. איך גיי אייך באלד ברענגען גרעט. — און גייט ארויס.

האָראבעץ פרעגט:

— ווען זי באָדט אונדז, וואלסטו זיך געשעמט, צי ניט?

— פאַרוואָס זאל איך זיך שעמען? וואָסי, זי האט דען קיין נאַקעטע יינגלעך ניט געזען?

מיר האבן זיך שוין גוט ארומגעוואַשן און זיצן ביידע נאַקע־טערהייט און באַטראַכטן זיך איינער דאס אנדערע. האָראבעץ גיט א קוק אף מיר און זאגט:

— דאָלגאָנאָס! זע ס'ארא ברוסט בא דיר איז. אַלציינס, ווי א פויגעלע. פאַרוואָס איז עס אזוי?

אזא קלאָצקאַשע! ער וואלט געדאַרפט אָפּזיצן באַגלייַך מיט מיר אין כיידער, וואָלט בא אים אויך געווען אזא דאַרע ברוסט. ער וואָלט געדאַרפט אָפּזיצן באַגלייַך מיט מיר אין כיידער, כאַזערן דעם כומעש און טראָגן דעם רעבנס פּאָמיניצע, וואָלט בא אים די ברוסט אויך אזוי אויסגעטריקנט ווערן, ווי באַ מיר. אז ער האט פון קיין כיידער ניט געוווסט, בין איך אים שולדיק!

דערווייַלע קלאַפּט אָן די פּעדאַגאָגיכע אין טיר:

— מע מעג?

— מע מעג.

— קינדער! נאַט אייך ריינע גרעט, טוט אייך אָן און קומט נאך מיר.

* אויסגעצייכנט.

מ״ר געפעלט זייער, וואס זי איז צו אונדז אזוי איידל. סענקען אויכעט. נאר פאַרוואס רופט זי אונדז די גאנצע צײַט „קינדער״. וואס זיינען מיר, אירע קינדער, צי וואס? און וואס איז דאס, ביכלאַל, פאַר א טעווע פאַטשקען אלעמען — „קינדער״.

סענקע זאגט:

— דאָלגאָנאָס! דערוויס זיך איר נאָמען.

איך פרעג:

— ווי רופט מען אײַך, בירגערן?

— נילאַ קאָנדראַטיעוונא. אָט אזוי רופן מיך דאָ אלע.

סענקע זאגט מיר אין אויער:

— ליאַמזע! זאג איר, אז מיר ביידע וועלן זי רופן נילקאַ. באַם פולן נאָמען זאָלן זי אנדערע רופן, נאר ניט מיר.

געוויס, נילקאַ איז טאַקע בעסער. נילקאַ איז גרינגער אויסצו־ריידן, איידער נילע קאָנדראַטיעוונא. איך זאָג:

— נילא קאָנדראַטיעוונא! איך מיט סענקען וועלן אייך רופן פּאָשעט נילקאַ. גוט.

נילקאַ ענטפערט ניט. נילקאַ איז, ווײַזט אויס, ניט צופרידן.

גוט. אויב זי באַליידיקט זיך נאר דערפאַר, וואס מירן זי רופן „נילקאַ״, איז זאָל זי בײַסן א וואַנץ. יאָ!

„קלאָטשקאָווסקע 2״ איז טאַקע אַן עמעסער פּריזיט. נאך ערגער אַפילע אויך. א גאנצן טאָג שטייט באַ דער טיר א וועכטער און לאָזט קיינעם אין ערגעץ ניט ארויס. ער זאגט:

— מיר איז באַפוילן אײַך אין ערגעץ ניט ארויסלאזן, ווארום איר קאנט נאך אָנשטעקן אלע פאַרבײַגייער. שטייט ניט צו צו מיר, איר׳ט נאך כאַפּן קלעפּ אויך. טאָטשקאַ.

ווי געפעלט אײַך? מיר קאנען נאך אָנשטעקן מיט אונדזער קרענק אלע פאַרבײַגייער!.. נאך ערגער, ווי אין א טיורמע, אַלציינס!

נילקאַ זאגט:

— קינדער! אומזיסט שטייט איר בא דער טיר, מע וועט אײַך סײַווי אין דרויסן ניט ארויסלאָזן.

ווער פרעגט באַ איר! אומעטום מישט זי זיך, נילקע! איך ווער אינקאַעס און פרעג:

— נילקאַ! עפשער ווייסטו דעם אַנעקדאָט אף „צי״? דו ווייסט ניט? איז „צי׳ וועסטו זיך ניט פאַרנעמען פונדאנען צו אַלדע גוטע רוכעס״?!

נילקע גיט א טופע:

— אַזעספּאָנים! כאַם!

וואס טוט מען? אין דרויסן באַקט די זון און דו זיץ אין שטוב! איך זאג:

— סענקע! געפין אַן אייצע. דו ביסט דאָך א קאָפּמענטש.

האָראבעץ גיט א טראַכט און געפינט גלייַך אַן אויסוועג:

— ליאַמזע! מע דאַרף פּאָשעט צונויפנעמען נאך א פּאָר יאַטן און געבן דעם וועכטער איבערן היטל.

די פּעדאַגאָגיכעס פון „קלאָטשקאָווסקע 2״ פירן זיך זייער ניט לייַטיש. ווערליק איך ווייס, איז דאַרפן פּעדאַגאָגן און פּעדאַגאָגיכעס זייַן לייַטישע מענטשן. זיי דאַרפן זיך פירן גוט און שיין. און דאָ איז עס פונקט פאַרקערט. איך גיי פאַרבייַ פאַרנאַכט דעם קאָרידאָר, הער איך, עמעצער פאַרגייט זיך שטאַרק פון געלעכטער. איך גיי צו נעענטער: — נילקע. זי לאַכט אזוי שטאַרק, ווי עמעצער וואָלט זי די גאנצע צייַט געקיצלט אונטער די פּאַכוועס. איך גיב א קוק דורכן שלאָס, זיצן דאָרט 4 מענטשן: נילקע, דאַמקע און 2 באַ־כערים, און „שטיפן״ נאך ערגער, ווי שליוכעס... דערנאך זעצן זיי זיך אלע אויס ארום א טישל און נילקע זאגט:

— לאָמיר שפּילן אין פלירט. גוט?

וואס איז עס פאַר א שפּיל אזא, דער פלירט? איך האב גאר קיינמאל ניט געהערט פון אזא שפּיל! איך זע: זיי וואַרפן זיך איבער מיט קאַרטלעך, דאַכט זיך, און שווייַגן.

וואס זשע איז עס פאר א שפּיל אזא אין שווייַגעניש? באנאכט האב איך צוגעקלעפּט בא זיי די קארטלעך און באוויזן סענקען; זאגט ער, אז ס׳עפּעס א מעשוגענע שפּיל. ער קומעקעט אין איר ניט... האב איך באוויזן דער אופראָמערן, זאגט זי, אז דאס איז

א ליובאָוונע שפּיל. מע שפּילט, זאגט זי, אזוי: אף יעדער קארטל איז אָנגעשריבן א נאָמען פון א בלום, אָדער א ליבע־דערקלע־רונג. אט צום בײַשפּיל: דו ביסט מײַן קאוואליער (איך, הייסט עס) און איך בין דײַן באַרישניע (זי, הייסט עס), און מיר זעצן זיך ביידע שפּילן אין פלירט. שיק איך דיר א קאַרט, ווו ס׳שטייט אָנגעשריבן א נאָמען פון א בלום, נו, לאָמיר זאגן „ראָמאַשקע", איז ווי נאָר דו באקומסט מײַן קאַרטל, דאַרפסטו מיר גלײַך שיקן אַן ענטפער מיט א דערקלערונג אין ליבע. זוכסטו, זוכסטו און געפינסט, אַן ערעך:

— אויב איר ט׳מיך באַלד ניט א קוש טאָן אין באַק, קראַפּיר איך טייקעף אף אַן אָרט...

און אבי די שפּיל האָט זיך שוין אָנגעהויבן, איז גייט עס שוין אזוי ווי אף פּוטער:

איך:

— ליליע.

דו:

— אײַערע שוואַרצע אויגן ווען מיר פון זינען אַראָפּפירן.

איך:

— רעזעדאַ.

דו:

— קומט צו גיין מאָרגן פאַרנאַכט, וועלן מיר גיין שפּאַצירן, און אזוי ווײַטער.

מעשוגע, כ׳לעבן! וואס פאַר א שײַכעס האָט די ליליע צו דײַנע שוואַרצע אויגן? פּעדאַגאָגיכעס קלערן עס צו פאַרווײַלונגען! אונדזער „אָטשקאָ" איז שוין טויזנט מאָל אינטערעסאנטער. אזוי מיין איך. יאָ. „קלאָטשקאָווסקע 2" איז טאַקע נאך ערגער, ווי א פּריִוט. אין א קינדערהויז זייגען כאָטש אלע געזונטע, און דא טראגט א גאנצן טאָג מיט שוואַרצן שטינקענדיקן שמירעכץ, אזוי ווי סמאָלע, אל־ציינס. דא זעסטו נאר קרעך, טשעסאָטקע און נילקע!

דאָ איז אזוי נודנע, אז מע קאָן פּאָשעט מעשוגע ווערן. אויסער דעם, וואס מע גיט דאָ עסן, איז דאָ מער גאָרניט ניט פאַראַן.

כאָטש נעם, און קריך אף די ווענט! סע קומט דער פאַרפרי, אַזוי נעמען זיך אַלע קאַלופּען מיט די הענט די קרעץ אַפן קאָפּ... צוועלף אַזייגער קומט דער דאָקטער, פּאָלינע אַבראַמאָוונע—א היככע אַזאַ, א געלע. דאָס פּאָנים איז בא איר איינגאַנצן באַשאָטן מיט קלײַען. ווי נאָר זי קומט, אַזוי הויבט זי אָן אַלעמען באַקוקן די די קעפּ און טרייסלען:

— נאָך א כוידעש און נאָך א כוידעש און נאָך א כוידעש און מירצעשעם וועלן מיר דיך שוין אויסהיילן...

און מע הויבט אונדז אַלעמען אָן שמירן די קעפּ מיט אַזאַ גע־דיכטן שוואַרצן שמירעכץ, וואָס דערמאָנט זייער סמאָלע... נאָך דעם נעמט זיך נילקע מיט דאַמקען (א צווייטע פּעדאַגאָגיכע) פאַר־ווײַלן אַביסעלע מיט אונדז.

נילקע הויבט טאָמיד אָן אַזוי:

— קינדער, כ'וועל אייך באַלד דערציילן א שיינע מײַסע וועגן א יאָלקע...

האָב איך איר שוין עטלעכע מאָל איבערגעשלאָגן אינמיטן דערציילן:

— נילקע, ווער דאַרף האָבן דײַנע געשיכטעס מיט דער יאָלקע?..

רופט זי מיר דערפאַר „כאַם“.

אויסער דער יאָלקע ווייסן די פּעדאַגאָגיכעס גאָרניט... נעכײַ וואָלטן זיי אונדז בעסער עפּעס דערציילט וועגן טראָצקין, צי וועגן מאַכנאָען, איז וועגן דעם ווייסן זיי גאָרניט...

ס'טרעפט אָפּט, אַז די פּעדאַגאָגיכעס פאַרווײַלן מיט אונדז איינ־גאַנצן ניט, דאַן ווערט אַזאַ סקוקע, אַז אונדזערע פּאַצאַנעס ברעכן אַפילע שויבן...

סענקען איז איינמאָל דאַ געוואָרן זייער אומעטיק, האָט ער גע־נומען און אַרויסגעשלעפּט די ראַקאָווינע פון קלאָזעט...

אויסער דעם, איז נאָך דאָ פאַראַן בא אונדז א „נאַדזיראַטעל“, א גוואַלדיקער קײַסן, איז טאָמער עפּעס־וואָס, איז קלאַפּט ער אַלעמען איבער די אויערן...

ער „שיסט“ אַביסל נאָך נילקען, איז טאָמער זאָגן מיר אַפילע עפּעס נילקען, איז גייט ער זיך אָננעמען פאַר איר און שלאָגט זיך.

ער הייסט באָריס באָריסאָוויטש, דער נאַדזיראַטעל, און ער פּאָדערט, אז מע זאָל אים טאַקע אזוי רופן. נאָר דערפאַר, וואס ער איז אזא קייַסן, רופן מיר אים דערפאַר פּאָשעט „בררר...״

נילקע הויבט מיר עפּעס אָן מאַכן פּוילע שטיק. זי האט האָראַבעצן געזאגט:

— סעניא! זאג דייַן זשידאָק, אז אויב ער וועט נאָכאמאָל שטופן זייַן לאנגע נאָז דארט, ווו מע דאַרף ניט, וועלן מיר זיך מיט אים לאנג ניט צערעמאָניען. יאָ!

דאס האט זי זיך שוין מיסטאַמע דערוווּסט, אז איך האב אונטערגעהערט זייער פּלירט... און וואס מיינט זי מיטן וואָרט „צערעמאָניען״? עפּשער מיינט זי, מיך אויסשליסן פונדאַנען? — איז האט זי אָנעם דאָקטער קיין שום רעכט ניט. ניט זי איז דא דער מאַכער, נאר דער דאָקטער, יאָ. און דער דאָקטער געפעלט מיר עפּעס אויך ניט. דער דאקטער זאגט, אַז דאס, וואס מע שמירט אונדז יעדן טאָג די קאָפּ מיט די שמירעכצן, וועט סייַווי גארנישט ניט געבן. מע דארף אונדז גאר היילן מיט עלעקטרע.

איז וואס שמירט מען אונדז? אַבי גלאט שמירן? איך וועל גיין מיט סענקען אין גובזדראַוו און וועל זיי אַלץ דערציילן. איך וועל זיי אַפילע דערציילן וועגן אונדזערע פּעדאַגאָגיכעס אויכעט. יאָ.

און וועגן נאַדזיראַטעל אויכעט. אַלע פּאַצאַנעס קלאָגן זיך אף אים.

סענקע זאגט:

— ליאַמזע! היץ זיך ניט! דאָלגאָנאָס, וועסט מאַכן ערגער!

וואס קאן איך דא מאַכן ערגער? וואס וועל איך דא אייביק זיצן! אויב מע דארף אונדז טאַקע היילן מיט עלעקטרע, איז זאָל מען עס טאָן. אַניט, וואס האלט מען אונדז דאָ אַלע אזוי לאנג און מע קאן אונדז אַלץ ניט אויסהיילן?!

איך זאג:

— האָראבעץ! הייַנטיקס מאָל לאָז מיר פירן דאס רעדל. איך וועל גיין אין גובזדראַוו און וועל זיך אַלץ דערוויסן.

— נו גוט. גיי.

אבער ווי אזוי גייט מען ארויס פון א טורמע? סײַדן קריכן דורכן פענצטער, איז ווינען מיר אפן 4־טן שטאָק.

סענקע זאגט:

— דאָלגאנאָס! קום ארײַן אין שלאָפצימער, וועלן מיר צונויפנעמען א פּאָר טוך לײַלעכער און דו וועסט זיך אַראָפּלאזן, ווי אַף א שטריק.

א געדאַנק! טאַקע א גוטער געדאַנק. מיר בונדן צונויף א פּאָר טוך לײַלעכער און איך לאָז זיך אַראָפּ. באלד וועל איך שוין זײַן אין גובזדראַוו. באלד וועל איך דערגיין א טאָלק. איך וועל זיך טאַקע דערוויסן, פאַרוואס הייסט מען אונדז ניט מיט עלעקטרע, נאר מיט די שמירעכצן!.. יאָ! און כ׳וועל זיך דערוויסן, צי האט דער גאַדזיראַטעל פּראַווע אונדז שלאָגן, צי ניין.

VI

סענקע האט געפרעגט:

— ליאַמזע! וואס האט מען דיר געזאגט אין גובזדראַוו?

איך האב געענטפערט:

— מע האט מיר געזאגט, איך זאל זיי אופהערן דרייען א קאָפּ, ווארום זיי ווייסן אליין, וואס זיי טוען. אָט דאס האט מען מיר געזאגט און ווײַטער גארניט.

האט האָראבעץ נאכאַמאָל געפרעגט:

— דאָלגאָנאָס! וואס זשע האסטו זיי דערויף געענטפערט? דו ביסט מיסטאַמע געשטאַנען און געשוויגן!

— ניין, האָראָבעץ. איך האָב ניט געשוויגן. איך האָב זיי אַוועקגעשיקט צו דײַן הייליקער גאָטס־מוטער און אַרויסגייענדיק אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר.

— וואָס זשע וועט איצטער זײַן?

— איצט וועט גאָרנישט ניט זײַן. מיר דאַרפן וואַרטן, ביז אַמעריקע וועט אונדז צושיקן ספּעציעלע לאָמפּן, ווארום סטריגוטשקע* דאַרף מען היילן מיט לאָמפּן.

---

* סטריגוטשקע — פּאַרכעס.

— אַזוי גאָר? וועלן מיר ניט וואַרטן. דו פֿאַרשטייסט, ליאַמזע? מער וואַרטן מיר ניט. גרייט צו די בעבעכעס, וועלן מיר פֿאַר־נאַכט מאַכן די פּלייטע.

גוט. איך בין גרייט. איך האָב שוין אַפּילע אָנגעמערקט בײַ זיך אין קאָפּ, בײַ ווענען איך וועל בײַנאַכט צושלעפּן די קאָלדרעס. האט זיך אָבער פּלוצים פֿאַרנאַכט פֿאַרלאָשן די עלעקטרע און ס'איז געוואָרן פֿינצטער און אומעטיק. די פּעדאַגאָגיכעס האָבן זיך אָנגע־צונדן אַ קאַהאַנעץ און גענומען שפּילן אין פּלירט. האָבן מיר אויך אנגעצונדן אַ קאַהאַנעץ און גענומען שפּילן אין „אָטשקאָ".

מיר האָבן געשפּילט אַף פּרישטיקן. איך האָב בײַ בירויקן פֿאַרשפּילט גאַנצע צען פּרישטיקן, נאָר ער וועט זיי אַזוי זען, מײַנע פּריש־טיקן, פּונקט ווי ער וועט זען זײַנע אויערן, וואָרום מאָרגן מאַך איך בעמיילע די פּלייטע פּונדאַנען. בײַ בירויקן האָבן די אויגן געברענט נאָך בעסער פֿאַרן קאַהאַנעץ. ער האט קימאַט בײַ אַלע־מען געוווּנען, אויסער בײַ סענקען. נאָר ס'אַ סוואָרע, אַז סענקע שווינדלט אין קאָרטן ניט ערגער פֿאַר בירויקן...

די שפּיל גייט בײַ אונדז גאַנץ היציק און בײַ די פּעדאַגאָגיכעס גייט דער פּלירט אויך ניט שלעכט. און פּלוצים, ווי מיר זיצן אַזוי אַלע אַף בירויקס בעט, גיט זיך דער קאַהאַנעץ א קער איבער און גלײַך אַף בירויקן. עס האָט אים באַגאָסן דאס גאַנצע לײַב מיט גאַז און ער ברענט.

מיר זיינען זיך אלע צעלאָפּן.

נעם איך און גיב א וואָרף א קישן גלײַך אַף בירויקן, קעדיי צו פֿאַרלעשן דאס פֿײַער, האט זיך די קישן אויך אָנגעכאַפּט און האָט בײַלד געפּלאַצט און ס'האבן אנגעהויבן ארומפֿליִען ברע־נענדיקע פּעדערן איבערן שלאָפֿצימער...

און סענקע לויפֿט בײַלד ארײַן צו די פּעדאַגאָגיכעס און טוט א געשריי:

— נילקע, בירויק ברענט!

נאָר נילקע איז פֿאַרטאָן אין דער שפּיל. ווערט סענקע אינקאַעס און מאַכט:

— נילקע!.. אין דײַן טאַטנס מאַמען אַרײַן!.. דײַנער אַ דער־צויגענער ברענט!

אַלע האָבן זיך באַלד פונעם אָרט אַ לאָז געטאָן. נילקע איז אין שלאָפצימער אַרײַנגעלאָפן און זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר דעם קאָפּ.

און בירױק איז פון שרעק פאַרשטומט געוואָרן. ער לויפט אַרום א שטומער איבערן צימער און ס׳ברענען אף אים די קליידער און די האָר סמאַליען זיך באַ אים אויך. ער לויפט אַרום, בירױק, איבערן צימער אַ ברענענדיקער, אזוי ווי א שעד אַלצײַנס, און שרעקט מיט דעם אַלע פּאַצאַנעס ביז טויט...

נאָר סענקע שטייט און קאָמאַנדעוועט:

— נילקע! וואָס זשע שטײסטו ווי אַ גלאָמפּ, האַ? באלד וועט זיך דאך דאָס גאַנצע הויז אָנכאַפּן!..

נאָר נילקע שטייט נאָך אַלץ און האלט זיך מיט די הענט פאַרן קאָפּ. נילקע שטייט מיט אַן אויסגעשטרעקטן גורגל און גלאָצט...

נאר סענקע הערט ניט אוף צו קאָמאַנדעווען:

— בראַטוואַ! נאך וואַסער!..

מיר האָבן זיך באלד א לאז געטאן מיט עמערס צום קראַן, אָנגענומען פולע מיט וואסער, און גענומען כליופּען אף בירױקן און אף די בעטן... מיר האבן טאקע בירױקן פאַרלאָשן, נאר דער דאָקטער האט געזאָגט, אז בא בירױקן האבן זיך אנגעכאפּט די לונגען און דעריבער וועט ער מער מיסטאמע ניט לעבן, און וועט נאך עפשער מאָרגן שטארבן...

דער דאקטער האט טאקע געטראָפן...

בירױקס טויט האט אונדז געגוג דערשלאָגן... נאר סײַווי וועלן מיר שוין דא ניט מער בלײַבן, ווארום דא איז אזוי נודנע און אזוי קרעציק, אז קיין איין לײַטישער מענטש וויל אפילע אהער ניט אַרײַנקוקן...

מע האט אנומלטן אײַנגעלאַדן צו אונדז א לערערקע פון מוזיק (אין עסצימער שטייט עפּעס אן אלטע שקראַבע אף דרײַ פיס), איז זי געקומען, די לערערקע, אין א לאנגן קלייד און מיט א לאנגן לארנעט אין דער האנט. זי איז אַרײַנגעקומען אין

עסצימער, א קוק געטאן אין לאַרנעט אף דעם צעבראָכענעם ראָיאל און אף אייניקע יאַטן און זיך טייקעף אויסגעדרייט מיט איר לאנגן קלייד אף צוריק:

— מיט קיין קרעציקע קינדער וויל איך קיין פיאנע ניט לערנען...

ווי געפעלט אייך די אישע? מיט קיין קרעציקע קינדער וויל זי קיין פיאנע נישט לערנען...

דארף מען נישט!..

ווען זי איז נאָר ארויס, האבן אונדזערע יאַטן אלע ארײַנגעשטעקט צו צוויי פינגער אין מויל, און אלע מיטאמאל אזא פײַף געטאן, אז זי האט דעם פײַף אזש אינדרויסן דערהערט און פארשטעקט ביידע אויערן...

אף אונדזער לאָשן האט עס געהייסן:

— קײַקלט זיך, בירגערן, ליוורנאָי קאָלבאסאָי...

מע האט אנומלטן אויך אײַנגעלאדן צו אונדז א לערער פון מאָלן, האבן די יאטן גענומען און אפן ערשטן לימעד אויסגעמאָלט טאקע דעם לערער אליין און דערצו נאָך א נאקעטן, און צוגעטראגן אים דעם געמעל גלײַך צו דער נאָז:

— איר דערקענט זיך?..

האט ער זיך שוין אויך מער ניט געוויזן...

בא אונדז אף קלאָטשקאָווער נומ. 2 זײַנען פאראן אזוינע פאסקודנע יאטלעך, וואס טוען יענעם נאר אפצולאכעס... הייסטו זיי טאן אזוי — וועלן זיי דיר שטענדיק מאכן קאפויר... איינס אין איינס זײַנען זיי... און די פעדאגאָגיכעס זײַנען בא אונדז אויך גאנץ שמאטאָווע... ווען דא זאל זײַן אנשטאָט נילקען אן אנדער זאוו, וואלט עפשער דאס הויז אויך ניט אזא שעם געהאט...

סענקע זאגט, אז בא נילקען הענגען אין שטוב מער ווי א האלב טוץ איקאָנעס און סע טשאדעט זיך בא איר א לעמפל אין ווינקל (ער איז בא איר געווען אינדר׳היים, האט ער עס געזעען), אָט אזא איז זי, נילקע! זי טשאדעט טאקע בא אונדז אף קלאָטשקאווסקע 2, פונקט ווי א איקאָנע-לעמפל, יא!..

סענקע האט געזאגט:

— דאָלגאָנאָס! האָדיע צו טראכטן! שלעפּ אראָפּ א פּאָר קאָל־דרעס פון די בעטן, און גיי געזעגן זיך מיט נילקען...

איך האב אפּגיך אפּגעטאן דאס שטיקל ארבעט און צוגעגאן צו נילקען:

— נילא קאנדראטיעוונא! פארבלייבט געזונט, נאָר אזעלכע שמאטאָווע פּעדאגאָגיכעס וועלן מיר שטענדיק געפינען. יא.

נילקע האט א טופּע געטאן מיטן קנאַפּל. די צעפּ האבן זיך בא איר צעלאָזט:

— וואס האסטו געזאגט? אנו, כאזער עס נאכאמאל איבער!

— פארבלייבט געזונט, נילא קאנדראטיעוונא, און הער מיר אוף צו דרייען א ספּאָדיק, ווארום ווערליק איך האב געזען, ביסטו ניט קיין פּעדאגאָגיכע, נאר א ליפּע...

און איך האב טייקעף א ווארף געטאן די קאלדרעס דורכן פענצטער (סענקע איז שוין געשטאנען אינדרויסן) און אַדיע!

איך בין באלד ארויסגעקראכן דורכן פענצטער, ארופגעקלעטערט אפן דאך און פונדאָרט האב איך זיך אראפּגעגליטשט אף א רינווע און מיר זיינען מיט סענקען אוועק זוכן בעסערע מעקוימעס...

* *
*

מיר האבן גלייך פארקערעוועט פון קלאָטשקאָווסקע צום בלאג־באז*, קעדיי צו באפרייען זיך פונעם פעקל, און דערנאכדעם זיינען מיר אוועק צום וואקזאל, א שמעק טאן אביסל, וואס הערט זיך עפּעס נייס, וואס פאר א נייער יאָלד איז עס אנגעקומען צו אונדז אין שטאט, וואס מע קאן אים אביסל א רייניק טאן... און ביכלאל זיך דערוויסן, וואס מאכן עפּעס אונדזערע פריינט און כאוויירים, וואס מאכט עפּעס דער נאטשאלניק פון סטאנציע...

מיר זיינען געגאנגען מונטער. סענקע האט געקייט א באקלא־זשאן און איך האב געקייט א מייער, וואס מיר האבן איניינעם פון א פורל אָפּגעווישט... דערנאָכדעם זיינען מיר אוועק צו דער

* בלאגבאז — בלאגאוועשטשענער מארק.

קיטש * גלאַט אזוי א שמעק טאָן, און צום סאָף האָבן מיר זיך אָנגעטשעפּעט אף א בופער און זיינען אוועקגעפאָרן.

— הארעבעץ! — האָב איך פּלוצים א פרעג געטאָן, זיצנדיק אזוי אף א שטיקל בונדיער, — וווהין זשע וועלן מיר זיך לאָזן?

— אט וועלן מיר טאַקע באַלד זען. עפּשער וועלן מיר גאָר דאָ פארבלייבן?

ע, דאָס טויג שוין ניט! אז סענקע הארעבעץ האָט שוין קיין אויסוועג ניט, טויג זיך עס שוין אף טיסטשי קאַפּאָרעס, ווארום אין איין שטאָט וועסטו זיך לאַנג ניט איינהאַלטן. מע וועט דיך באַלד באַמערקן און קאַפּוט. די מילטאָנען ווייסן אַלעמען, וואָס נעכטיקן אפן וואָקזאַל. און מילטאָנען זיינען וואָפּשטשע זייער א פּאַסקודנע פאָלק. זיי גייען צו צו דיר, פרעגן דיך אַפילע ניט דיין פאַמיליע־נאָמען און שלעפּן דיך גלייך אין ריאָן...

פארוואָס?

פארוואָן?

דאָס איז שוין ניט דיין אייסעק. און א טאָמער גיסטו אים נאָך עפּעס א זאָג אויך, איז גיט ער באַלד א טורטשע אין זיין פּייפל, פּאָרט באַלד אונטער א וואַנקאָ ** און מע זעצט דיך טייקעף אַני־דער אין דער דראָזשקע און דו זיץ און שוויַג. ער וועט דיר שוין אַליין צופירן, וווהין מע דאַרף...

## VII

שוין עטלעכע וואָכן, ווי מיר נעכטיקן אפן וואָקזאַל. מיר שלאָפן ביידע אף איין באַנק. סענקעס פּיס דערלאַנגען טאָמיד צו מיין נאָז און מיינע פּיס צו אים אין פּאָנים אַריין. אָט אַזוי שלאָפן מיר. אָבער איינס, צוויי אַזייגער באַנאַכט גייען צו צו אונדז די מיליוטיקעס *** און בעטן אונדז מיט גוטנס פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל. שטייען מיר אוף און לייגן זיך צו אינדרויסן אַף די טרעפּ...

* קיטש — טורמע

** וואַנקאָ — א פורמאַן.

*** מילטאָן, מיליוטיק — מ־ליציאַנער.

גאַנצפרי כאַפּן מיר זיך אוף און פאָרן אַוועק מיטן ערשטן טראַמוויי גלייך אין מאַרק אַריין. דאָרט דרייען מיר זיך דורך אַ פּאָר שאָ, פאַרזוכן פון יעדער פורל אַן עפּל, אַ באַר, אַ זיסע קריוקווע, אַ שטיקל ברויט, אַן אוגערקע, דערנאָך גייען מיר אַוועק אין שטאָט. באַטאָג גייען מיר צו אין גאָרקיך. מיר האבן דאָ, אין גאָרקיך, א גוטע, יונגיקע פּאָדאַוואַלשטשיצע *— ניוראָטשקע, הייסט זי,— איז האָדעוועט זי אונדז טאָמיד מיט באָרשטש. זי זאָגט, אַז מיר געפעלן איר ביידע, מיר זיינען צוויי לייטישע באַכערימלעך...
האָב איך זיך אָבער איינמאָל אַרויסגעכאַפּט מיט אַ ווערטעלע, האָט זי אונדז אופגעהערט צו האָדעווען מיט באָרשטש און האָט אָנגעזאָגט דעם וועכטער, ער זאָל אונדז מער אַפילע אין גאָרקיך ניט אַריינלאָזן...

סענקע האט מיר פאַרן ווערטעלע שיר ניט דערשטיקט. אַפּן באָרשטש, זאגט ער, פייפט ער זיך אויס, נאָר לעמיי האָב איך באַליידיקט אַן ערלעך מיידל.

— וואס איז זי דיר — א ביקסע,** צי וואס? — האט ער אויס־געסטאָרטשעט זיינע אויגן און זיין קולעק גלייך צו מיין נאָז — אָט וואַג נאָר נאָך איין מאָל!..

פאַרנאַכט גייען מיר אָפּט אין קינאָ. רייסן זיך אריין דורך די זאַפּאַסנע טירן אינעווייניק און זעצן זיך אויס אין דער ערשטער ריי, באַם סאַמע לייוונט... דערנאָכדעם גייען מיר ווידער צום וואָקזאַל קעמייען...

... איינמאָל האבן מיר זיך באַקאַנט מיט איינעם א בלאַטן יאַט, אַרקאַשקע. אַרקאַשקע איז גאָרניט קיין שלעכטער גאנעוו, נאָר מיר דוכט, אז ער איז אָדער א גרויסער טשמור***, אָדער ער איז גאר צעמישט, וואָרום אַף יעדן סקווער שטעלט ער זיך אָפּ און הויבט אָן מיצקע־דרינען האַקן אַזאַ טשייניק:

— כאַוויירים־בירגער! אין נאמען פון ליומפּן־פּראָלעטאַריאַט פון גאַנץ עס־עס־עס־ער גיב איך אייך איבער א פלאַמיקן

* פּאָדאָוואלשטשיצע — אָפּיציאַנטקע.
** ביקסע — א פּראָסטיטוטקע.
*** טשמור — א טשודאַק.

גרוס!.. אונדזער ביוראָ פון ליומפּן־פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך אין מאָסקווע. איז אָט, כאַווײרים־בירגער, וועלן מיר אײנגיכן ארויסלאָזן אַן אופרוף צו אַלע גאַנאָווים, פּראָסטיטוטקעס און בעז־פּריזאָרנע פון גאַנץ עס־עס־עס־ער, זײ זאָלן וואַרפן זײער מיִעסע מעלאָכע און זיך אָנהויבן פאַרנעמען מיט ערלעכער מי... און מיר וועלן אײנגיכן אויך דורכפירן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע מיט פאָנען און מיט מוזיק. און אַף אונדזערע פאָנען וועט זײַן אָנגעשריבן:

„מיר פאָדערן גלײַכהײט, ברידערלעכקײט און פרײַהײט“.

דערנאָך וועט די גאַנצע פּראָצעסיע צוגײן צום „ציק“ און מיר וועלן ארויסרופן פונדאָרט קאַלינינען אַלײן און איכ׳ל אים זאָגן:

— גרויסער סטאַראָסטע אונדזערער! אין נאָמען פון ליומפּן־פּראָלעטאַריאַט פון גאַנץ עס־עס־עס־ער מעלדע איך דיר, אַז מיר צעלאָזן אונדזער אָרגאַניזאַציע און ווערן פון הײַנט אָן ערלעכע פּראָלעטאַריער...

און עס קלײַבט זיך אַזוי ארום צונויף אַ גרויסער אוילעם און מע הויבט אָן הערן אַרקאַשקעס מעשוגענע דראָשעס. און אַז אַרקאַשקע דערזעט שוין פאַר זיך אַ גרויסן אוילעם, קערעוועט ער באַלד אויס די דישלע אין אַן אַנדער זײַט און מאַכט:

— און איצט, כאַווײרים־בירגער, וועל איך אײַך דורכלײענען אַ ליד פונעם באַרימטן פוטוריסט וולאַדימיטש מאַיאַקאָווסקי, — מײַנער אַ פּערזענלעכער כאַווער. די ליד הײסט — „דריאַן“.

און אַרקאַשקע הויבט באַלד אָן האַקן די „דריאַן“ זײַנע... אָט אַזאַ בלאַט איז עס!.. פונוואַנען האָט ער עס אויסגעקראַצט אַזאַ ווערטל, ווי פוטוריסט, איז ווײסט אים דער רוח... איך ווײס גאָר אפילע דעם טײַטש ניט...

... און אַרקאַשקע האַקט... ער ענדיקט די „דריאַן“, מאַכט ער:

— און איצט, כאַווײרים־בירגער, וועל איך אײַך דורכלײענען אַ „סטיך“ פונעם זנאַמעניטן פּאָעט אימאַניזשיניסט סערגעי יעסענין, —

איך מײַנער א גוטערברודער, מיר האבן צוזאמען ניט איין בוטל שאַמפּאַניען אויסגעלײדיקט,—„מאָסקוואַ קאַבאַצקאַיאַ“. און ער הויבט אָן האַקן די קאַבאַצקע לידעלעך...

און צום סאָף נאך דעם דריאַן און נאך די קאַבאַצקע זאגט ער:

— און איצט, כאַווײרים-בירגער, וועל איך אײך דורכלײענען מײַנע א אײגענע ליד (דער אוילעם: — וואָ-אָס?), עמעס, איך דאַרף אײך מוידע זײן, אז איך בין אביסל באַווירקט פון אַלעקסאַנדער סערגײיעוויטש בלאָק, נאָר איך האב זי געלײענט אין מאָסקווע אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטשן לונאַטשארסקין, האט ער מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך דערמאנען אין זײַנע ביכער...

און דער אוילעם גלאָצט... און, אז אַרקאשקע זעט, אז דער אוילעם גלאָצט און גײט זיך אַלץ ניט פאַנאנדער, שטעלט ער שוין איגאַנצן אָפּ די דישלע און זאגט:

— טײַערע כאַווײרים-בירגער! איר האט דאָך אלײן, דאַכט זיך, געזען, אז איך לאז זיך ניט אָף דעם מיִעסן וועג, וואס די גאַנאָווים און בעזפּריזאָרנע. איך גאנווע ניט, נאָר איך פאַרדין מיר מיט מײַן אײגענער פּראַצע, עמעס? איז אָט כאַווײרים-ביר-גער! מארגן אַכט אזײגער אינדערפרי דאַרף איך אָפּפארן אין מאָסקווע אף א זיצונג פון ביוראָ פון לוימפּן-פּראָלעטאַריאַט, איז ווערליק איך האב אויסגערעכנט, פעלט מיר צום בילעט זיבן רובל מיט אכציק זעקס מיט א האַלבער קאָפּיקע. קײן אײן איבעריקן גראָשן דאַרף איך ניט... נאָר אָט די סומע מוז איך דאָ צונויפ-קלײַבן...

און ער קלײַבט טאַקע צונויף. אָט א כאַליעריע!.. און קעדײ צו דערווײַזן זײַן ערלעכקײט, איז דאס איבעריקע, וואס איז מער פּאַר זיבן רובל מיט אַכציק זעקס מיט א האַלבע קאָפּיקע, גיט ער אָפּ צוריק:

— א דאַנק, כאַווערל, קײן איבעריקע דאַרף איך ניט... איך בין ניט קײן שאַרלאטאַן...

אָט אזא טשמור איז ער, דער אַרקאַשקע! אין א פּאָר מינוט ארום גײט ער באַלד אוועק אין אַן אנדער סקווער, הויבט אָן ווידער

אַפּסנײַ האַקן דעמזועלבן טשײַניק, וואס פריִער, קלײַבט ווידער צונויף אזויפיל געלט און גייט אין אַן אַנדער אָרט!..

אַרקאשקע איז נאך דערצו זייער א שיינער יאַט אויכעט. כאָטש ער גייט טאמיד אפּגעריסן און אפּגעשליסן, דאך פּודערט ער זיך טאָמיד, און זיין רונד, פּול גלאנצנדיק פּאנים שוויצט טאָמיד פון אונטער דער פּודרע ארויס, און פון די האָר שמעקט בא אים טאָמיד מיט פּאַרפיום... פארנאכט גייט ער אוועק אין שענקל און פארטרינקט דאס גאנצע געלט, וואס ער האט אויסגעשנאָרעט פאר די דראָשעס, און מארגן האַקט ער ווידער דעמזועלבן טשײַניק.

און בא אונדז דאַרף דאַרן די קישקע! יאָ!..

ארקאַשקע האט געזאגט:

— בראַטוואַ! לאָמיר מאַכן א טרעסט פון דרײַען, גוט? בעשאס איך וועל האלטן דראָשעס, זאלט איר בעשאס-מײַסע ליידיקן קעשענעס. אײַנשטימיק? נאָר זע! — דעם רעוועך אף אלע דרײַ... און דעריקער שפּינגאלעטן אָן שוכער*...

סענקע טוט מיך א פרעג:

— ליאַמזע! דו ביסט מאסקים?

פארוואס זאל איך עפּעס ניט זיין מאסקים, אז די קישקע האט גארנישט קעגן...

— האָראָבעץ! — זאג איך — איך בין מאסקים.

און מיר טרעטן שוין צו דער ארבעט. אַרקאשקע שטעלט זיך האווקען און איך מיט סענקען נעמען זיך ליידיקן קעשענעס...

באַ מיר גייט די ארבעט גאנץ שווער, ווארום ווו איך טו זיך ניט א קער, איז שרײַט מען מיר באלד:

— ווּהין שטופּסטו די נאָז, האַ?.. זעסט דאך, אז מע שטייט?..

(זיי מיינען מיסטאם, אז מיך אינטערעסירט ארקאשקעס מעשוגענע דראָשעס... יאָ!). איך שטופּ ארײַן א האנט צו עמעצן אין קעשענע און איך פיל טייקעף פונהינטן אזא סמאליע איבער דער פלייצע, אז א ציטער האט מיך באלד אָנגעכאפּט.

---

* שוכער — טאראראַם, זשום.

— א — הא!.. — מאכט איינער — אָט מיט וואס דו פארנעמסט זיך... און מע שלעפּט מיך טייקעף אין רײַאָן.

האט זיך סענקע ארײַנגעמישט:

— איר האט קיין רעכט ניט זיך שלאגן!..

נאר די מילטאָנען זיינען קליגער פאר האָראָבעצן און גיבן סענקען אויך א שלעפּ פארן קאָלנער:

— דו נעמסט זיך אָן זיין קריוודע, יאָ? — איז קום מיט אונדז אין רײַאָן, וועלן מיר דאָרט קלאָר מאכן...

— וויל איך ניט! — מאכט סענקע — און שטעלט זיך אומיצקעדרינען אָפּ...

נאָר דער מיליוטיק הערט אים שוין פאַר אַ גרײַצער, ער האַלט שוין דאָס פּײַפל אין מויל און טורטשעט. פאָרט אין אַ מינוט אַרום צו אַ דראָזשקע און מע וויל אונדז שוין שלעפּן אַפּן וואָגן, נאָר ניט אַזוי גיך וועט זיך עס זיי אײַנגעבן, יאָ! סענקע גיט אַ ריס אַף זיך דאָס העמדל און מאַכט:

— האַרגעט מיך דאָ אַף אַן אָרט, נאָר אין רײַאָן וועל איך ניט גיין!

— וועסט שוין יאָ גיין — מאַכט איינער פון אוילעם — קאַק מילענקי בראט פאָידאָש...

די ברינע האָט ניט באַוויזן אויסצוריידן דאָס וואָרט „פאָידאָש”, ווי סענקע האָט אים באַלד אנגעכראַקעט אין פּאָנים און לאַכט:

— איצט וועט זיך דיר שוין מער ניט פאַרוועלן ריידן אזוינע נאַרישקייטן. איצט האָסטו שוין אַ געגעראַל *, ווארום איך בין קראַנק אַף דעם.

די ברינע איז באַלד א דערשראָקענע נעלעם געוואָרן, און דער אוילעם, דערהערנדיק, אַז סענקע האט א געגעראַל, האט אויך גענומען אָפּציִען... ער זאָל כאָלילע נאָך אַף עמעצן ניט אַ שפּײַ טאָן...

---

* געגעראל — סיפיליס.

אָבער די מילטאָנען זיינען גאָרניט קיין נאַראָנים. די מילטאָ־
נען ווייסן שוין גוט, אַז דאָס איז נאָר אַ פּאָנט... און מע האָט
אונדז באַלד ביידן אַוועקגעזעצט אַף אַ דראָזשקע, בעסער געזאָגט,
מע האט אונדז אוועקגעלייגט און צו צוויי מיליציאָנערן זיינען
געפארן פון ביידע זייטן, מיר זאָלן כאָלילע ניט אַראָפּפאַלן...

און אין רייאָן האט מען צו די מילטאָנען געזאָגט אַזוי:

— גוט. איר זייט פריי.

און צו אונדז האט מען געזאָגט אביסל אַנדערש:

— גוט. אויסגעצייכנט. איצט וועט זיך אייך שוין מער ניט
פאַרוועלן ליידיקן פרעמדע קעשענעס...

און מע האט זיך מיט אונדז דאָ לאנג ניט צערעמאָניעט און
מע האט אונדז פארנאכט אָפּגעפירט מיטן „שוואַרצן וואָראָן״ *
גלייך אין טורמע אריין, און דאָרט האט מען אונדז אריינגעשטופּט
אין א קאמער:

— אַדיע! ניע סקוטשייטיע!

## VIII

מיט אונדז אין איין קאמער איז געזעסן א נייער יאַט — מור־
דיק. דער יאַט האָט נאך אפילע ניט באוויזן עפּעס אופצוטאן און
האט זיך שוין אריינגעכאַפּט. מורדיק האט אבער געהאט א פּאָר
נייע שקארעס**, האבן מיר גענומען שפּילן אין בורא*** אַף
מורדיקס נייע פּאָר שקארעס. מיר האבן געשפּילט אַף זיינע פּאָר
נייע הויזן און מורדיק אליין האט אפילע וועגן דעם ניט געוווּסט.
ער איז געזעסן אָפּגעזונדערט פון אונדז אין א ווינקל־קאמער און
געטראכט.

פון וואָס האט ער געטראכט? עפּשער האט ער געטראכט וועגן
א געבראָטענער קאטשקע און עפּשער האט ער געטראכט וועגן די
לייז, וואס קריכן ארום אַף זיין נאַרע?..

* „שוואַרצער וואָראָן״ — אַוטאָמאָביל, אין וועלכן מע פירט פאַרברעכער.

** שקאַרעס — הויזן.

*** בורא — א גנייווישע קאָרטנשפּיל.

אַז סענקע האָט געווונען דעם געווינס, איז ער צוגעגאַן צו מורדיקן און געזאָגט:

— מורדיק! טו אויס דײַנע גוטע פּאָר הויזן און נא דיר מײַנע צעריסענע.

מורדיק האט אויסגעגלאָצט די אויגן...

— טו אויס דײַנע גוטע הויזן — האט סענקע נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט — און נאַ דיר מײַנע צעריסענע, ווארום אזוי איז דער דין...

מוריק האט אויסגעטאָן...

פֿאַר אונדזער זיין אין קיטשׂ האט מיר סענקע אויסגעשטאָכן אַן אנקער אַפן ברוסט. איך האב עס גאָרניט געוואלט, נאר סענקע האט געזאגט:

— ליאַמזע! דו מוזט עס טאָן. אַזוי איז דער דין. באַ יעדן בלאַטן יאַט דאַרף זיין עפּעס אויסגעשטאָכן. און אזוי ווי איך וויל פון דיר מאַכן א מאַטראָס, איז דאַרף בא דיר זיין אַפן ברוסט אַן אַנקער...

דער אַנקער וואלט מיר גארניט געאַרט, נאר עס טוט זייער וויי, בעשאס מע שטעכט דיר עס אויס... אבער ווי באלד עס איז אזא דין, איז דאך ניט שײַעך...

באַ סענקען איז אַף יעדער האַנט אויסגעשטאָכן אַן אַנקער און אף דער ברוסט איז באַ אים אויסגעשטאכן „ניורא" — דער נאָמען פון דער פּאָדאַוואַלשטשיצע, וואס פלעג אונדז האָדעווען מיט באָרשטש. סענקע קען זי נאָך אלץ ניט פארגעסן, ניורען. און אז ער דערמאָנט זיך וועגן איר, איז ווערט ער פּלוצים אינקאַעס אף מיר, לעמײַ איך האב זי דאַן באליידיקט...

אז די זיצסט אין טורמע, איז קוקסטו אף די ווענט. דו קוקסט אזוי לאַנג, ביז סע ווערט דיר נימעס. און אז סע ווערט דיר נימעס צו קוקן אַף די ווענט, הויבסטו אָן קוקן אַף דער סטעליע. און אַז די סטעליע הויבט זיך דיר אָן אײַנעסן, הויבסטו דאַן אָן קוקן אַפן דיל. און אַז סע ווערט דיר שוין אַלץ נימעס, פֿאַרמאַכסטו די אויגן און קוקסט אַף גאָרניט. אזוי ווי א מעשוגענער אַלציינס... און דערנאָך, אַז די עפנסט שוין אוף די אויגן, קוקן

שוין די ווענט אַף דיר. און די סטעליע קוקט אויך אַף דיר. און דער דיל אויך. די סטעליע — פון אויבן. און דער דיל — פון אונטן... וואס האבן זיי צו מיר?.. ווערסטו אינקאַעס און ווייסט ניט וואס צו טאָן... אָט אזוי נודנע איז דאָ אין טורמע... פּרוווסט אַמאָל א זינג טאָן דאס לידעלע, וואס א ביקסע האט מיך אויסגע־לערנט:

На бану,* бану, бану
На бану, баночку...
Морганула шермачу,
Приходи на ночку..,
На бану, бану была
Я по блату ** ботала ***
Я с лягавыми **** жила
Э' не работала...

נאָר דיינע ווערטער שלינגען איין די טויבע ווענט פון קאַמער און לאָזן זיי אינערגעץ ניט ארויס...

... איינער א באָכער, וואס דינט דאָ אין טורמע, זאגט, אַז מע וויל פון אונדז מאַכן לייט... די עלטערע שערמאַטשעס ***** — זאגט ער — איז שוין שווער אויסצוהיילן פון דער קרענק (א הוי־קער — זאגט ער — וועט שוין דער קיינער אויך ניט אויסגלייכן) און אונדז יאָ. אונדז קען די טורמע אָפּגעווינען פון גאַנוועגען. ער זאגט:

— כעוורע! מיר קענען אייך פארקלענערן די שטראָף, מיר קאָנען אייך איבערפירן אין אַן אַנדער קאַמער, אויב איר ווילט נאָר זיך אויסלערנען א מעלאָכע.

---

* נאַ באַן — אַפן וואָקזאַל.
** פּאָ בלאַטנו — אף גביירוויש לאָשן.
*** ботала — גערעאַבערט.
**** лягавый — א מיטארבעטער פון אויסשפּיר.
***** שערמאַטש — קעשענע־גאנעוו.

— וואס פאַר א שײַכעס האט די מעלאָכע צו דער טורמע? הערט זיך איַין — זאג איך — אויב איר ווילט אונדז נעמען נאַ פּאָנט, איז זאָלט איר זיך בעסער מיט אונדז ניט אָנהויבן, יאָ!

— דו, ניוווזיק! — מאַכט ער — דו זאָלסט מיר נאָר ניט סטראַ־שען, פאַרשטייסט? מיר ווילן פון אזעלכע גאָרנישטן, ווי איר, מאכן לײַטישע, ערלעכע מענטשן, וואס האבן א מעלאָכע אין דער האַנט, און פארנעמען זיך ניט מיט ליידיקן פרעמדע קעשענעס. פאַרשטאַ־נען? אָט אזוי איז דער דין.

סענקע באַציט זיך צו דעם אייסעק זייער גוט. סענקע זאגט, אז איידער ארויסקוקן פון די גראטעס אף דער סלאָבאָדע, איז שוין בעסער פירן באַנאַכט אָבאָזן און ניט נאָר האָבן א מעלאָכע אין דער האַנט...

... דעם ערשטן טאג האבן מיר געזעגן ברעטער. סטאָלערײַ האבן מיר אויסגעקליבן. איך האב געזעגן ברעטער און פון מײַן פּאָנים האבן ריטשקעס שוויס גערונען. סענקע האט מיך געטרייסט:

— נישקאָשע, ליאַמזע, זעג! שפּעטער, וועסטו זיך כאָטש קאָ־נען אַליין א מיטע צונויפקלאַפּן... א ניט, ווער וועט עס פאַר דיר טאָן?..

אַ וואָך נאָכאַנאַנד האבן מיר געזעגן ברעטער, און דערנאָך האט מען אונדז געגעבן אַן אנדער אַרבעט — הובלען די ברעטער. האבן מיר געהובלט און געלאַכט.

סענקע האט א פרעג געטאָן:

— אָט דאס איז עס די מעלאָכע?

— פאַרכאפּ נישט די פיש פאַר דער נעץ — מאַכט דער מײַ־סטער, — ביסט עפּעס זייער אַ ספּריטנער באָכערל...

באַ אים הייסט עס א ספּריטנער!..

נאָר איינמאָל זאגט דער מײַסטער:

— אָט נאַט אייך א מאָדעל און מאַכט עס נאָך... און באַווײַזט טאַקע אינדערעמעסן אײַער ספּריטנעקייט...

האבן מיר אים טאַקע באַוויזן, אַז נאָכמאַכן זיין מאָדעל איז פאַר אונדז קײַ און שפּײַ...

דער מײַסטער האט ארופגעלייגט דעם בלײַער אַף אַן אויער, פארהויבן די ברילן אַפן שטערן און באַטראַכט אונדזער שטיקל אַרבעט:

— ניט שלעכט, כ׳לעבן, ניט שלעכט...

אָבער סע העלפט אונדז ׳זייער ווייניק. די עלטערע בלאַטע לאַכן שוין פון אונדז:

— דאס איז נאָר אזעלכע פאַצאַנעס, ווי איר, קען מען פאַר־דרייען דעם קאָפּ מיט סטאָלערײַ... און איר לאָזט זיך?..

נאָך א פּאָר טעג באַפרײַט מען אונדז שוין פונדאַנען און מיר ווערן ווידער פרײַע אָדלערס. נאָר כאָטש עס איז אונדז דאָ גע־בליבן צו זײַן טאַקע נאָך א פּאָר טעג, איז היטן אונדז דאָ די וועכטער אזוי ווי אַן אויג אין קאָפּ. זיי זאָגן, אַז טאָמער אַנט־לויפן מיר, זעצט מען זיי אַנידער אַף אונדזער אָרט. און דערי־בער לאָזן זיי אונדז קיין פרײַען טראָט ניט מאַכן. אַפילע אין קלאָזעט לאָזט מען אויך קיין אויג פון אונדז ניט אראָפּ. אָט אזוי היט מען אונדז דאָ!..

נאָך א פּאָר טעג און מער וועלן מיר שוין אין קיטש ניט זיצן... כ׳וועל זיך בעסער ארײַנוואַרפן אין יאַם ארײַן, איידער נאָכאמאָל ארײַנפאַלן אין קיטש. אויסער דעם, וואס דו געפינסט זיך אין א שטײַגל, איז לערנט מען נאָך דיר דאָ אויס אַלערליי מיעסקייטן, וואס עס איז נאָר פאראַן אף דער וועלט...

מיט אונדז אין איין קאָמער זיינען געזעסן אזעלכע אורקעס, אז ס׳אַזש סטראַשנע צו קוקן אף זיי: טשובאַטע יאַטן מיט אומגע־לומפּערטע קינבאַקן. קימאַט דאס גאנצע פּאָנים אין שראַמען... אז זיי ווילן זיך צוטשעפּען צו דיר, איז שטעלט דיר איינער אונ־טער א פיסל און דו פאַלסט באלד אום. טייקעף קומט אונטער א צווייטער גאַנעוו און זאגט, אז מע דאַרף זיין אביסל פאָרזיכטיקער און ניט קריכן יענעם אף די פיס. און יענער, וואס האט דיר אונטערגעשטעלט א פיסל, סימולירט באלד די פאַלעניש.

מאַכט איינער פון די גאַנאָווים:

— דו זעסט, צו וואס דו האסט דערפירט א קראנקן מענטשן?!

און ער גיט דיר איין סמאַליע אין מאָרדע אַריַין, קערסטו זיך באַלד איבער. גייען צו נאָך אורקעס און פאַרדעקן דיר מיט עפּעס דאָס פּאָנים (דאָס הייסט, מע מאַכט דיר די „פּינצטערניש"), און וויפל ס'איז דאָ געפאַנגענע אין קאַמער, אַזוי פיל נעריקן דיך...

און אזוי יעדן טאָג: נעכטן האָט מען איינעם שיר ניט דערשטיקט, לעמיַי ער האָט באַ א געפאַנגענעם צוגעשלעפּט א שטיקל ברויט...

אייערנעכטן האָט מען איינעם שיר ניט צענעריקט אַף א טויט, לעמיַי ער האָט געוואָלט גיין מאַסערן אַן אורקע... און פּרוּוו מאַכן וועגן דעם א טובאָן*, ביסטו ניט זיכער מיט דיַין לעבן...

האַראָבעץ האָט געזאָגט:

— ליאַמזע! ווי נאָר מע לאָזט אונדז אַרויס, איז גייען מיר גליַיך נאָ באַן, אָדער ניין?

האָט מען אונדז אָבער פון טורמע גלאַט אַזוי ניט אַרויסגעלאָזט, נאָר מע האָט אונדז אָפּגעפירט ערגעץ אין א קאָלאָניע און דאָרט האָט אונדז דער זאַוו גליַיך אַף מאָרגן אָפּגעהאַקט:

— כעוורע! אויב סע געפעלט אייך ניט אונדזער קאָלאָניע און איר רעכנט אַנטלויפן פונדאַנען, איז זאָלט איר לאַנג ניט טראַכטן. אַלע טירן זיַינען פאַר אייך אָפן. נאָר טאָמער באַשליסט איר בליַיבן, איז זעט זשע!..

וואָס הייסט „זעט זשע!"? מע הויבט שוין מיט אונדז אָן קאָ־מאַנדעווען, יאָ!..

איך פרעג:

— זאָגט נאָר, וואָס איז עס דאָ, א פּריוּוט, צי וואָס?

— פון פּריוּוטן פאַרגעס! — מאַכט דער זאַוו — דאָ איז אַן אַר־בעט־קאָלאָניע פון אַזעלכע קליינע שערמאַטשן, ווי איר, וואָס האָבן אַליין באַשלאָסן ווערן מיט אַלע מענטשן גליַיך. פאַרשטאַנען?..

— יאָ — ענטפערט סענקע — און צעלאַכט זיך אין אַרבל.

— דו זאָלסט מיר נאָך ניט מאַכן פון דעם קיין געלעכטערלעך, דו הערסט? — ווערט דער זאַוו אינקאַעס. — באַ אונדז פערעבענדיעוועט

---

* טובאָן — ראַש.

מען ניט. פארשטייסט? — האט ער אָנגענומען סענקען פארן קין און ארײַנגעקוקט אין זײַנע גרינע אויגן — צו אונדז קומט מען אף לעבן און אַף זײַן. ראַזקוסיל? און טאָמער ט'איר דאָ מאַכן אײַערע מיעסע שטיק, וועלן אײַך אונדזערע יאַטן אליין ניט לאָזן... אָט!

„אונדזערע יאַטן" פּסהי־הי...

סענקע זאגט:

— הערט נאָר, וואס סטראַשעט איר די גענדז מיט אײַערע יאַטן?

ער ענטפערט:

— מיר שרעקן ניט קיין גענדז, נאָר באַ אונדז איז אַ קאָלעקטיוו, א מישפּאָכע, און צעשטערן די מישפּאָכע וועט אײַך דאָ קיינער ניט לאָזן. פאַרגעדענקט זשע עס טאַקע!

סענקע ווערט אינקאַעס:

— וואס דרייט איר אונדז א ספּאָדיק מיט אײַער קאָלעקטיוו?

— שווײַגט! — מאַכט דער זאַוו.

איך מיש זיך ארײַן:

— זאָגט נאָר, וואס איז דאָ — א מאָנאַסטיר מיט מאָנאַשקעס, צי אַ פּריוּט?

— נישט דאס און נישט יענץ.

— איז וואס זשע?

— איך האב שוין פריער געזאגט.

— ברען איניינעם מיט דײַן מישפּאָכע! — מאַכט סענקע, טוט אַ שפּײַ און זאגט:

— ליאַמזע! זאָל ער בלײַבן מיט זיין קאָלעקטיוו דאָ און מירן זיך גיין...

— האָראָבעץ! — זאג איך — שאַ! אַנטלויפן וועלן מיר דאך טאָמיד קאנען. לאָמיר דא אפּלעבן אביסל, וועלן מיר זען, וועט אונדז דאָ געפעלן ווערן — איז גוט, וועט אונדז דאָ ניט געפעלן ווערן — איז דאָך אַוואַדע גוט...

## IX

ווִיפל צאָרעס האבּן מיר שוין דאָ געהאַט! אַלץ, וואס דו טוסט, איז ניט אַזוי. אַלץ דאַרפסטו פרעגן, און דעריקער, וואס דו דארפסט נאָך פרעגן באַ אייגענע פּאַצאַנעס. די דייע דאַרף דא האבּן דער זאַוו אַליין, און דא האבּן גאר אלע פּאַצאַנעס די דייע, יעדערער שטופּט דיר גליַיך אריַין זיין נאָז:

— דאס טאָר מען באַ אונדז ניט, בּרודערקע...

... איינמאל האט זיך סענקען פארוואָלט עפּל, גייט ער צו און ריַיסט אָפּ פון בּוים אן עפּל און וויל עס שוין אריַינשטופּן אין מויל. לויפט באַלד אונטער א פּאַצאַן און מאַכט:

— פּאַלאָזש! (לייג אַוועק).

סענקע זאגט:

— טשעפּע זיך בעסער אָפּ פון מיר מיט גוטנס, ווארום איך לאָז דיר באלד יושקע פון נאָז...

מאַכט דער פּאַצאַן:

— איך בּין דער קאָמאַנדיר איבּערן סאָד און דו מוזט זיך מיר אונטערוואַרפן, פארשטייסט?!

— ליאַמזע, קנאַץ * — מאַכט סענקע — קנאַץ אים נאָר אָן, דעם קאָמאַנדיר אונדזערן... — און סענקע פוילט זיך ניט און פאַרפאָרט דעם קאמאנדיר גליַיך אין בובנע אריַין.

האט מען זיך טאַקע מיט סענקען ניט געצערעמאָניעט און מע האט אים אריַינגעזעצט אין קוטוזקע... דא, אין קאָלאָניע גופע, איז אויך פאראן א קוטוזקע, און אלע די, וואס כאַפּן זיך ארויס מיט עפּעס, שטופּט מען גליַיך אהער אריַין און זיץ! סענקע האט געשטשירעט מיט די ציין, געזעצט אין דער טיר, נאר אַלע האבּן געלאכט פון אים:

— נישקאָשע, האָראָבעץ! קריץ מיט די ציין, זעץ זיך קאָפּ אין וואַנט, מיר האבּן די ערשטע צייַט אויך אזוי געטאן...

* קנאַץ — קוק, זע.

אַלע לאכן, ווײַל זיי ווייסן, אז דא איז זייער מאכט, ניט סענ־קעס. דא איז דער באַלעבאס דער גאנצער קאָלעקטיוו און וואס ער הייסט דיר טאָן, מוזטו טאָן.
הייסט דיר דער קאָלעקטיוו גיין אויסרייניקן דאס מיסט פון הויף — גייסטו.
הייסט דיר דער קאָלעקטיוו פאָרן אין שטאט נאך געהילץ — פאָרסטו.
הייסט מען דיר וואַשן די דילן אין שלאָפצימער — וואַשסטו.
הייסט מען דיר גיין פאַריכטן די בענקלעך אין עסצימער — פאַריכסטו.
הייסט מען דיר זיצן און לערנען אריפמעטיק — זיצטו און מאכסט:
— איינס + פיר + אַכט — דריי איז = צען.
אָט אזוי איז דא דער דין. אזוי ווילן אלע פאַצאַנעס. און וועד־ליק איך האב געזען, איז עס גארניט שלעכט אַזוי. אזוי מיין איך. יאָ.

* * *

נאָך דעם, ווי מע האט סענקען אַרויסגעלאזט פון קוטוזקע, האט ער ערשט רעכט אנגענעריקט דעם קאָמאנדיר איבערן סאָד און איז אַנטלאפן פון קאָלאָניע. עמעס, ער האט מיך אויך געוואלט מיט־שלעפן מיט זיך, נאר איך האב ניט געוואלט. איך וויל שוין מער ניט זיין קיין בעזפריזאָרנער, ווײַל איך האב שוין געפונען א היים. יא.
איך האב זיך געפרווט:
— האָראָבעץ, בלײַב דאָ. פאלג מיך, סענקע.
— ליאַמזע! ביסט א גארנישט, — האט ער מיר אָפגעענטפערט. — דיר, אבי מע פאַרשטופט דיר דאס מויל מיט אביסל קלײַען, איז שוין בא דיר רעכט צו בלײַבן אפילע אין א פריזוט אויך...
— נישט נאָר צוליבן קלײַען בין איך דא פארבליבן, יאָ! און איך וועל שוין דא אף שטענדיק פארבלײַבן אויכעט, ווײַל מיר געפעלט די קאָלאָניע און באַסטאַ!..

אָבער אָן סענקען איז מיר דאָ אַזוי אומעטיק, אז כאָטש נעם און קריך אַף די ווענט... סע קומט צו עפּעס, איז האסטו אפילע ניט מיט וועמען א ווארט אויסצורײדן. וועמען אינטערעסירן דײַנע מײַסעס וועגן דאָוויד האַמעלעך און גאָליעס האַפּעלישטי און אנדערע זאַכן?..

פאַרנאַכט זיץ איך טאָמיד אין הויף און קוק, ווי די זון פארגייט — ס'איז טאַקע זײער טשיקאַווע... איך האָב זיך גאר קײנמאָל אזוי ניט צוגעקוקט, און זי איז מיר זײער געפעלן געווארן. אַ רויטע זון, אַזאַ, ווי א הײַפער צעשניטענער קאַוון קײַקלט זיך אין הימל... איך האָב הײַנט ס'ערשטע מאָל זיך צוגעקוקט צו די שטערן און סע מיר אויך זײער געפעלן געווארן... אוי, וויפל שטערן אין הימל, מאַט טשעסנאַיאַ!.. און אלע קוקן זיי דיך אויס פון אלע זײַטן, אַזוי ווי סישטשיקעס, אַלציינס...

אַז סענקע איז ניטאָ, איז פאַר מיר אַלצײנס, ווי איך האָב נישט די רעכטע האַנט... און עפשער זאָל איך אים טאַקע גײן א זוך טאָן?.. איך געדענק, ער האט געזאגט, אז ער וועט זײַן נעבן דעם נאָענטסטן פּאָסט און אויב איך וועל איבערטראַכטן, איז קאן איך אים נאך דאָרט געפינען...

און איך גײ ארויס פון הויף און לאָז זיך גײן אלץ ווײַטער און ווײַטער... איך מוז פאַקן סענקען און ברענגען אים צוריק אין קאָלאָניע...

עס איז שוין געווארן רעכט פינצטער. די לעוואָנע גײט מיר נאָך פּוסטריט. ווו איך גיב נאָר א שטעל א פּוס, איז די לעוואָנע אויך דאָ... איך האָב גאר קײנמאל ניט באמערקט, אַז די לעוואָנע זאל האָבן אַזא טעווע פון נאָכגײן יענעם פּוסטריט... גײ ווייס! אַן אַנדערש מאל קאן זי נאך אַף דיר א קאַפּע טאָן* און דו זאָלסט אפילע ניט וויסן, ווער עס האט דיר פאַרשאָטן...

איך גײ. פונדערווײַטנס ווינקט צו מיר א קלײן פײַערל. דאס פײַערל רופט מיך.

---

* א קאַפּע טאָן — מאַסערן.

— ליאַמזע, גיכער!..

איך קום צו גיין אַפּן פּאָסט, ליגט סענקע אפּן גראָז און כראַ־פּעט. איך וועל אים ניט וועקן. סענקע דאַרף ניט וויסן, אז איך זוך אים.

איך לייג זיך אויך צו אַפּן גראָז, אביסל ווייַטער פון סענקען, און הויב אָן אייַנדרימלען. פּלוצים זע איך דעם זאַוו אונדזערן. ער שטייט נעבן מיר און מאַכט:

— נישקאשע, ליאַמזע, וועסט אפּלעבן נאך א שטיק צייַט אין קאָלאָניע, וועלן מיר דיך שיקן אף אַ זאַוואָד... דו וואלסט גע־וואָלט ארבעטן אף א זאוואד?..

— שוין זשע ניט?..

מאַכט דער זאַוו:

— וועלן מיר דיך טאַקע שיקן. סענקע ט'זיך אביסל אופהערן מאָרדויען, וועלן מיר אים אויך שיקן אַרבעטן אף א זאַוואד...

— ער מאָרדויעט זיך גארניט אזוי — מאַך איך. — סענקע איז ניט פון די יאַטן. ס'איז פּאָשעט, ווייַל די קאָמאַנדירן טשעפּען זיך צו אים, איז ער דערפאר אזא ספּילטשיוועך... איך קען אים זייער גוט. יאָ.

מאַכט דער זאַוו:

— און איך קען אים בעסער פאר דיר... און דיך קען איך אויך בעסער, ווי דו קענסט זיך. יאָ, דו מיינסט עפּשער, אז איך קוק זיך ניט צו צו אייך, איז האסטו א טאָעס... איך האב אפילע געזען, ווי דו ביסט אינאָוונט ערגעץ אוועקגעגאנגען אָן אַ דער־לויבעניש פון דער קאָלאָניע... וווהין ביסטו דאס געגאנגען, האַ?

וואָסי? ווער ט'דען אים שוין געקאנט דערציילן וועגן דעם... די לעוואָנע האט שוין מיסטאמע א קאַפּע געטאן דעם זאַוו אונ־דזערן... אט אַ פּאַדליוקע, די לעוואנע!..

— איך האב פּאָשעט אַזוי זיך ארומגעשפּאצירט ארום דער קאָ־לאָניע, — מאַך איך צום זאַוו...

איך כאַפּ זיך אוף, איז גאר דער זאַוו ניטאָ און אָנשטאט דעם זאַוו שטייט סענקע האָראָבעץ נעבן מיר און מאכט:

— דאָלגאָנאָס! ווי קומסטו אהער און וואס בעבעסטו עס וועגן מיר מיט דײַן צונג?..

וואס זאָל איך אים ענטפערן?.. הײסט עס, אז דאס איז גאר געווען א כאָלעם...

— הארבעץ! — זאג איך — ווהין זשע קלײַבסטו זיך פאָרט?..

— וואָסי? מע האט דיך שוין געשיקט נאך מיר, יאָ?

— ניין, קיינער האט מיך נאך דיר ניט געשיקט און מע וועט קיינעם ניט שיקן אויך... אזוי איז דא דער דין. קיינעם אַרט עס אַפילע ניט, וואס דו ביסט אנטלאָפן.

נאך מײַן ענטפער האב איך באמערקט אף האָראָבעצס פּאָנים אַ מאָדנע מינע... די מינע האט באטײַט:

— איז עס מיסטאָמע ניט קיין געוויינלעכער פּריוּוט?..

— האָראָבעץ, דו האסט א טאָעס געהאט. דו האסט געמיינט, אז דאס איז גאר א פּריוּוט, און דאס איז גאר אן אנדער זאך...

— ליאַמזע, איך וויל עסן — האט סענקע פּלוצים א זאג געטאָן — עס שנײַדט מיר אין בויך, איז גיי ראַזשיווע זיך כאָטש אַ קוסמאַנטשיק * מאַנדראַ **.

— ווו זאל איך זיך ראַזשיוועז?.. דער פּאָסט איז דא זייער א קליינער און מע זעט דא קיינמאָל קיין מענטשן ניט...

— האָראָבעץ! — זאָג איך, — איך האב אמאָל געהערט, אַז אין קינאָ באוויַיזט זיך, ווי איינער א פארשוין איז געווען זייער הונגעריק, — האט ער גענומען אונטערגעפּרעגלט זיין שוך און געקײַט...

— ערשטנס, בין איך א באָרוועסער — מאַכט סענקע. אַניט וואָלט איך עס אויך געטאָן... און, צווייטנס, קאָן מען עס נאָר מאַכן אין קינאָ. אין קינאָ קאָן מען אַלץ און אין לעבן ניט. אָט האב איך געזען אין קינאָ, ווי איינער אַ בלאַט שפּרינגט אראָפּ פון א פליִענדיקן אַעראָפּלאַן גלײַך אף דר'ערד און לאָזט זיך גיין וויַיטער, פּונקט ווי ער וואלט אַראפּגעשפּרונגען פון א טרעפּל, און ניט פונדערהויך, אַזוי ווי פון א הונדערטשטאָקיקע געביַידע...

* קוסמאַנטשיק — א שטיקעלע, קוסמאן — א שטיק.

** מאַנדראַ — א ברויט.

ווי זשע קאָן עס טאַקע זיין ?..

— ליאַמזוע ! — מאַכט ער — איך פייגער עסן. דער צונג טעלע־פעט זיך שוין בא מיר קוים אין מויל... לאָמיר זיך א לאָז טאָן צופוס אין שטאט און פונדאָרט וועלן מיר ערגעץ אַוועקפאָרן...

— ניין, האָראָבעץ. אינערגעץ גיי איך ניט, און אינערגעץ פאָר איך ניט. איך קער זיך אום צוריק אין קאָלאָניע, און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך אויך אומקערן מיט מיר צוריק...

— ניין, — זאָגט ער, — אין קאָלאָניע קער איך זיך ניט אום. און אויב איך וועל זיך שוין יאָ אומקערן, איז וועל איך דעם קאָמאַנ־דיר פון סאָד אויסהאַקן אלע ציין...

— גוט. וועסטו דעם קאמאַנדיר פון סאָד אויסהאקן אלע ציין. דאס איז שוין דיין זאַך.

און מיר גייען. הייַנטיקס מאָל האט סענקע מיך געפאלגט.

מיר שפּאַנען צוריק אין קאָלאניע.

ס'איז נאָך גאנצפרי... מיר שפּאַנען ביידע איבערן טויִקן גראָז און סע קיצלט אונדז אין די הוילע פיס, אזוי קאַלט איז די ראָסע... אונדזער קאָלאָניע געפינט זיך אין סאַמע קלויסטער. דער הויכער קלויסטער־שפּיץ מיט דער רויטער פאָן פאַלט טאָ־מיד אריַין גלייַך אין סאַזשעלקע און פּאָליושקעט דאָרט זיין לאַנגן שאָטן...

באַלד וועלן מיר שוין זיין דאָרט. יאָ.

X

צווישן אונדזער זאָוו מיט סענקען איז ניט לאַנג פאָרגעקומען אָט וואָס:

— נו, סענקע, זאָג דעם עמעס, דו ווילסט שוין מער ניט גיין נא באַן ?

— און אז איך וויל יאָ ?

— אַז דו ווילסט יאָ, טאָ גיי.

— און אַז איך וויל ניט ?

— אז דו ווילסט ניט, טאָ זײַ א יאָט מיט אלעמען גלײַך.
— און איך וויל ניט זיין מיט אלע פּאַצאַנעס גלײַך?
— טאָ הער אוף פּראַוועון דײַנע שטיק.
— און טאָמער וועל איך יאָ פּראַוועון, איז וואס?
— טאָ וועלן מיר מיט דיר ריידן אַנדערש.
— און אז דו וועסט מיט מיר ריידן אנדערש, איז וואס? (אַלע פּאצאנעס זיינען בא אונדז מיטן זאַוו אף „דו". אָט אזוי האט ער זיך אוועקגעשטעלט. איז זיינען מיט אים אלע כאַוועראַמאַוועראַ, פּונקט ווי מע וואלט מיט אים איניינעם כאַזיירים געפּאַסעט. און אים אַרט עס גאָר ניט, דעם זאַוו...).
— טאָ וועלן מיר מיט דיר אינגאנצן אופהערן ריידן.
— און אַז דו וועסט מיט מיר אינגאנצן ניט ריידן, איז וואס?
— דאס וועסטו שוין דאַן זען.
— טאָ וואס זשע וועל איך דאן זען?
— דאס, וואס מיר וועלן דיר באַווײַזן.
— וואס זשע וועסטו מיר באוויַזן אַזוינס? — (סענקע צעשפּרייט באַלד בעטעווע זיינע פיס און מאַכט א יעכידנע מינעלע).
— מירן דיר באווייזן אזוינס, וואָס עס וועט שוין דיר ניט געפעלן ווערן.
— צום בײַשפּיל?
— וואס זאל איך מיט דיר ריידן, אז דו ווילסט נאך אַלץ ניט אַוועקוואַרפן דײַנע אורקאַהאַנישע שטיק...
סטאָפּ! דא האט סענקע ניט אויסגעהאלטן און מאַכט:
— אויב אזוי, פּײַף איך זיך אויס אף דיר פונעם סאַמע העכסטן קלויסטער־שפּיץ.
— דו גרוביאַן!
— נו, נו!
— וועמען זאָגסטו עס?
— דיר!!
און נאכאמאָל טטאָפּ! דא האט שוין דער זאַוו אויך ניט אויסגעהאַלטן און מאַכט:

— מאָרגן וועלן מיר באהאנדלען דיין אופירונג אפן סאָוועט פון די קאָמאַנדירן.

— אַ היץ אין באָד!

— ס'וועט שוין דיר זיין, ברודערקע, די עמעסע באָד, יאָ!

און דער זאַוו האט זיך אויסגעקערעוועט מיט דער פּלייצע צו סענקען און ניטאָ.

שטייט סענקע און זירעט* אפן הימל. וואס זירעט ער, סענקע? דער הימל קאָן נאר כליופּען מיט וואַסער, נאר אין דעם אייסעק קאָן ער זיך ניט אריינמישן. יאָ. מיין כאַטע, זאגט דער הימל צו סענקען, איז ניט וויט פון שליאַך — און ס'ניט מיין זאַך. האסט זיך אַריינגעכאַפּט — איז כאפּ זיך צוריק ארויס. נאר סענקע שטייט נאך אלץ און זירעט אינדערהויך.

אונדזער זאַוו איז דאַפּקע זייער א שטילער מענטש. מעגסט שטיין אנטקעגן אים, שטשירען אַף אים די ציין, זידלען אים, וועט ער זיך רויק שטיין און ט'לאַכן. אַזאַ טעווע האט ער. נאר די מייסע מיט סענקען האט אים שוין, דאַכט זיך, אַביסל צעהיצט. איז דאָך אָבער סענקע זייער א היציקער באָכער, לויפט ער טייקעף אוועק צום זאַוו און מאַכט:

— טאָמער וועסטו אַ קאַפּע טאָן וועגן מיר די קאָמאַנדירן, איז . . .

פאַרן זאַוו האט סענקע ניט אזוי מוירע, ווי פאר די קאָמאַנדירן. ער האט ניט אזוי מוירע (מוירע? — ער קאן זיי אלעמען די יושקע לאָזן!), ווי ס'איז אים עפּעס זייער מאָדנע און פריקרע פארענט־פערן זיך פאר אייגענע פאַצאַנעס. פאַר די מיליוטיקעס, צי אין ריַיאָן, וואלט אים צוואַנציק מאל גרינגער געווען צו פארענטפערן זיך, איידער פאַר די קאָמאַנדירן. ס'זיצן אין סאָוועט אַזש גאנצע צען שטיק: פינף מיידלעך און פינף פאַצאַנעס. און דו, האָראָבעץ, הויב זיי אָן דערציילן פון סאַמע אָנהויב, ווי אזוי דו ביסט ס'ערשטע מאָל צוגעגאַן צו נאַדיען, וואס האסטו איר געזאָגט, וואס האט זי דיר דערויף געענטפערט און פארוואס האסטו זי פּלוצים ארומגע־

---

* זירעט — קוקט.

כאַפּט פאר דער פּלייצע, און פּאַרוואס האט זי דיר פּלוצים אנגע־כראַקעט אין מאָרדע אריַין, און פארוואס האסטו זי דערפאר פּלו־צים אוועקגעשיקט צו בעגיס מאַמען, און פארוואס האט זי זיך דערנאך פּלוצים געקלאָגט דעם זאַוו... און זיי זיצן עס, די קאָ־מאַנדירן, און קנאַצן דיך אָרום פון אלע זייַטן און מאכן זיך דערנאך זייערע „וויוואָדן" און סטראַשען, אַז זיי וועלן דיך ארויסווארפן פון דער קאָלאָניע...

איז דער זאַוו געווארן אינקאַעס. די אָדערן האבן זיך אף זיין פּאָנים אָנגעצויגן, אַזוי ווי א גראָב שטריקל, און ער האט סענקען אַ כאַפּ געטאָן פארן עלנבויגן:

— דו, מיט וועמען רעדסטו עס אזוי?

סענקע איז געווארן רויט ווי א בורעק, און דערנאָך בלייַך ווי א קריוקווע, און האט טייקעף אפגעלאזט די לייצעס:

— איך וויל דיך בעטן, כאַווער זאַוו, אַז זאָל עס בלייַבן צווישן אונדז און מער וועט זיך עס שוין ניט איבערכאַזערן.

— טאָ־טאָ־זש!

דער זאַוו האט טאקע די קאָמאַנדירן ניט דערציילט. און מיר איז עס זייער געפעלן געווארן, ווייַל אזוי דארף טאַקע האנדלען א זאַוו. אזוי מיין איך. יאָ.

וואָלט זיך עס דערמיט געענדיקט, וואלט געווען גרובאַ! איז דאָך אבער סענקע האָראָבעץ נאָך אַלץ, ווי פריער...

נעבן אונדזער קלויסטער איז ניט ווייַט דא א גרויסע בלאָטע. און אַפּצולאָכעס דארף דאס גאנצע דאָרף דורכגיין די בלאָטע, ווייַל קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ. זי האט זיך דיר אוועקגעשטעלט, די בלאָטע, סאַמע פּאָפּערעד און כאָטש האַק איר און בראָק איר וויל זי זיך פון אָרט ניט רירן. די פּויערים זאָגן, אַז דאָס איז אַן אָנשיקעניש פון גאָט. זיי זאגן, אַז די בלאָטע האט שוין א באָרד, דאָס הייסט, זי שטייט נאָך פון ניקאָלייַען אָן און איז שוין אַלע־מען געגוג ברידלע געווארן. די פּויערים האבן שוין עטלעכע מאָל געבעטן דעם זאַוו, אַז זאָל ער צונויפרופן אלע יאַטן, מיר זאָלן העלפן אויסרייניקן די בלאָטע.

האט זיי דער זאַוו געזאָגט:

— גוט, די גאנצע מייַסע איז ווערט א שפּיַי.

און איינמאָל מאַכט ער טאַקע צו די קאָמאַנדירן:

— רעביאַ, לאָמיר אויסרייניקן די בלאָטע און לאָמיר מאכן א גוטן סטאַוואָק, וועלן מיר זיך דא שטענדיק קאנען באָדן.

אז די קאָמאַנדירן האבן דערהערט „באָדן", איז דאָך ניט שייַעך... ווארום גראדע איז אין די נאענטסטע דערפער אפילע קיין פּרוד־ליק ניטאָ (אויב ניט רעכענען די שמאָלע סאַזשעלקע, וואס עט־לעכע פערד וואָלטן זי געקאנט מיט איין מאָל אויסטרינקען). האבן די קאָמאַנדירן אויך געזאגט:

— גוט, די גאַנצע מייַסע איז ווערט א שפּיַי. מירן אַרויסלאָזן אַלע יאַטן מיטאמאָל, וועט באַלד פון דער בלאָטע קיין זייכער ניט בלייַבן.

און מיר האבן באַלד אלע צונויפגענומען די לאָפּעטעס בא די פּויערים מיט די טאַטשקעס און אוועק צו דער בלאָטע (איידער מיר זיינען געגאנגען צו דער ארבעט, האט אונדז דער זאַוו געזאגט, אז דאס גייען מיר מיט די לאָפּעטעס אין שלאַכט, ווארום די בלאָטע קאָן מען בא אונדז אין קאַנט פארגלייַכן צו א סוינע. איז לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז מיר דארפן גיין אפּקלאַפּן דעם סוינע, אַזוי ווי מע גייט אַפּן פראָנט — אזוי האט אונדז דער זאַוו דערקלערט וועגן דער בלאָטע).

איז אבער סענקע ווידער ארויס מיט זיינע שטיק:

— אַלץ יאָ, נאר דאס ניט!

מאכט דער קאָמאַנדיר איבער דער בלאָטע (מ'האט גלייַך, פאַרשטייט זיך, אויסגעטיילט א קאָמאַנדיר. צו יעדער נייַער ארבעט טיילט מען בא אונדז אויס א קאָמאַנדיר און ער קאָמאַנדעוועט, גיט אָפּ באפעלן מיט ראַפּאָרטן... אפילע איך בין שוין אויך געווען אַ קאָמאַנדיר. בעשאס מיר האבן ניט לאַנג געמאַכט אַ פּאָכאָד אַף די פּויערשע קלוניעס, האט מען מיך אויך אויסגעטיילט פאר א קאָמאַנדיר... און אלץ איז עס דעם זאַווס קאָפּ. דער זאַוו זאָגט שטענדיק, אז אונדזער קאָלאָניע איז געגליכן צו א פראָנט און אַף פראָנטן זיינען טאָמיד פאראן קאָמאַנדירן. יאָ):

— האָראָבעץ, נעם די טאַטשקע, דײַן רײ!

— סלושאַיוס, װאַשע װיסאָקאָ בלאַהאָראָדיע! — נאָר טאַסקען די בלאָטע װעט שוין עמעצער אַן אַנדערער פאַר מיר...

דער קאָמאַנדיר שװײַגט. אַזוי איז בײַ אונדז אײַנגעפירט, אַז דער קאָמאַנדיר דאַרף אין אַזעלכע פאַלן שװײַגן. ער נעמט נאָר אַרויס אַ קלײן שטיפטל און פאַרצײכנט ערגעץ בײַ זיך:

„האָראָבעץ האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן. קאָמאַנדיר אַזעלכער און אַזעלכער".

האָט עס סענקען נאָך מער פאַרדראָסן, לעמײַ יענער ענטפערט אים גאָרניט און לײגט אױף אים קײן שום אַכט ניט.

— דו, פאָלקאָװניק פון די בלאָטעס! — מאַכט ער — װילסט זיך עפּעס מיט מיר אָנהײבן?

— נאָך װי אַזוי!

— סלאַבאָ, ברודערקע, — און סענקע צעשפּרײט באַלד בעטעװע זײַנע פיס, די הענט אין די קעשענעס און איז זיך שוין גרײט װאַרפן אױף יענעם.

האָראָבעץ מײנט, אַז אומעטום פּאַסט עס. יאָ! שוין דורך אַזױ־ פיל צײַט און סענקע פּראָװעט נאָך אַלץ זײַנע שטיק. האָראָבעץ פאַרגעסט, אַז דאָס איז אים ניט „קלאָטשקאָװסקי 2", נאָר שוין עפּעס אַנדערש. יאָ.

— ליאַמזע, — מאַכט ער צו מיר אײנמאָל — נו, אַט, אַ שליוכע זאָל איך זײַן, אויב איך װעל איבער די קאָמאַנדירן ניט פּליטויען* פון דער קאָלאָניע... דו פאַרשטײסט... איך קאָן ניט לײַדן, אַז אײגענע פּאַצאַנעס דרײען מיר אַ קעפּקע װעגן דיסציפּלינע... נעכײַ װאָלט עס דער זאַװ אַלײן געטאָן, װאָלט עס פאַר מיר צװאַנציק מאָל גרינגער געװען, — װײסטו, אַז דעם זאַװ דאַרפסטו זיך טאַקע אונטערװאַרפן, אַזוי װי אומעטום פירט זיך, און אױף די איבעריקע פײַפסטו זיך אויס. און דאָ איז גאָר פונקט פאַרקערט: דאָ האָט גאָר דער זאַװ גענומען און אָפּגעגעבן די גאַנצע מאַכט

* פּליטויען — אַנטלויפן.

די פּאַצאַנעס, זיי געמאַכט פאַר קאָמאַנדירן און זיי האבן עס איבער דיר די דייע!

— סענקע, זאָג איך אים, דו ביסט דאך מײַן בעסטער גוטער־ברודער, עמעס? נאָר דו ביסט שוין צו א היציקער באָכער, סענקע, מ׳טאָר ניט אזוי.

— דאָלגאָנאָס! דו רעדסט שוין אויך אזוי?

— און אַז יאָ, איז וואס?

— טשעסט אימעיו דאָלאָזשיט! — ציט זיך פאר מיר סענקע מיצקע־דרינען אויס אין א סטרונקע — טאָוואַרישטש קאָמאנדיר פון קיזיאַק (דאס רייצט ער מיך שוין אזוי פונדאַן אָן, זינט איך בין געווען קאמאנדיר אף אויסרייניקן פויערשע קלוניעס.) — טשטאָ יאַ נאַ וואַס...

און ער גיט מיך א שטופּ. פאַל איך אום. הויבט ער מיך באַלד אַליין אוף און מאַכט:

— דאָלגאָנאָס! ניוניע! היט די נאָז, אַניט וועל איך זי דיר באַלד אַראָפּדרייען!

— נו, נו, שטילער אביסעלע, — מאַך איך.

— וואס שטילער? — מאַכט ער און וויל מיך שוין ווידער א שטופּ טאָן.

— האָראָבעץ, — זאג איך, — איך קען דאָך דיך, עמעס? נאָר איך זאג דיר טאקע נאכאַמאָל, אז דו האַלטסט שלעכט, סענקע. דו ביסט שוין צו א ווספּילטשעווער באָכער, האָראָבעץ!

## XI

איך האב געזאגט:

— האָראָבעץ, וואס זיצסטו? קום מיט מיר בעסער אפן וויהאָן.

ער האט געענטפערט:

— ליאַמזע! פאַרנעם זיך פונדאנען, אַניט מאַך איך פון דיר באַלד א לאַטקע!..

האב איך זיך נאכאַמאל געפּרוווט:

— האָראָבעץ! איך ווייס, אַז דו קאנסט פון מיר מאַכן א לאַטקע, נאָר פאָלג מיך, סענקע, און לאָמיר זיך דורכגיין אביסל איבערן וויהאָן.

ער האט געשוויגן. ער האט געשוויגן און געקוקט אף דער ערד. וואס האט ער דאָרט ניט געזען אין דער ערד? — זיין פאַכאַן?* זיין פאַכאַנשע?** דעם ברודער? צי עפשער האט ער זיך צוגע־הערט, ווי די ערד דיכעט?..

האב איך אויך געשוויגן. איך האב געשוויגן און געקוקט אַפן הימל. ס'איז גראדע געווען פאַרנאַכט, האב איך אפן הימל געזען זייער פיל ציקאַווע זאַכן. איך האב געזען, ווי גאַנצע סטייַעס וואָלקנס שווימען אַרום איבערן הימל, ווי שיפעלעך (ווי זשע קאן דאס זיין, ס'איז דען א יאַם, צי וואָס?..) און דער מוילעד איז געשטאַנען אינדערהויך פונקט איבער מייַן קאפ און האט געלאַכט. טאָמיד, ווען מיר איז ניט צום הארצן, לאַכט ער, דער מוילעד. וואס זשע לאַכסטו, דו הימלשער מיליוטיק וואס דו ביסט? האסט עפשער אויסגעזירעט א מאַלינע***, צי וואס? וואס איז אף דיר אַזאַ געדולע אָנגעקומען?

צוביסלעכווייז איז געווארן פינצטער. סענקע האָט נאָך אלץ געקוקט אַף דער ערד און איך אפן הימל.

— האָראָבעץ, — האב איך אים א טאָרע געטאָן אין דער פליי־צע. — זאָג מיר, סענקע, פאַרוואס זיצסטו אזוי פארטראַכט? זאָג מיר, סענקע, פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

נאָר ער האט אלץ געשוויגן. וויפל איך קען שוין סענקען, האב איך אים נאָך קיינמאָל אַזאַ שווייגנדיקן ניט געזען. עפשער האט ער זיך פארקלערט וועגן אַזוינס, וואס איך ווייס אַפילע ניט. קאן עס דען זיין? איך ווייס וועגן סענקען פון אַלעף ביז טאָף. איך ווייס, אַז ער איז א קורסקער; איך ווייס, אַז ער האט געוווינט אַף קאַזאַצקער סלאָבאָדקע; איך ווייס, אַז ער האט אין זיין

* פאַכאַן — טאַטע.

** פאַכאַנשע — מאַמע.

*** א זאַמלאָרט פאר דער הינטערוועלט.

סלאָבאָדקע ניט איין שויב אויסגעזעצט. גלאַט אַזוי. אַזוי האט זיך אים פאַרוואָלט און פארטיק! ער האט געהאַט א ראָגאַטקע און האט גוט געקאָנט צילן, האט ער געצילעט אין אלע פענצטער... איך ווייס, אַז סענקע האט געהאט א ברודער, מאַטוויי האט ער געהייסן (סענקע האט מיר אליין וועגן אים עטלעכע מאָל דערציילט), איז ער געווען א האַמערקלאַפּער, א געזונטער, קודלאַטער באַכער. א צוויאָק א יאַט! און אדאנק טאַקע מאַטווייען האבן אלע פאַצאנעס פון דער סלאָבאָדקע געקראָגן דרעכערעץ פאַר סענקען.

זיינען איינמאָל אָנגעקומען די ווײַסע אין שטאָט, האט מען געמאַכט אַן אָבלאַווע און מ'איז געקומען צו זיי אין שטוב נעמען מאַטווייען, ער זאָל זיך גיין שלאָגן מיט די רויטע. האט מאַטוויי ניט געוואָלט. איז צוגעגאן א ווײַסער אָפיציר און צוגעטראָגן מאַטווייען א נאַהאַן צו דער נאָז. האט מאַטוויי ניט אויסגעהאלטן און געגעבן דעם אָפיציר אַן אָפּלעוכע, איז דער אָפיציר ארויס פון די קיילים און אויסגעשאָסן. איז אין שטוב געווארן א קוויטש. האט זיך דער ברודער א וואָרף געטאן אַפן אָפיציר און אים גענומען געבן מאַקאַראָנעס. זיינען אבער פונהינטן געשטאַנען נאָך ווײַסע און האבן דעם ברודער אריינגעלאזט א פּוליע אין מויל...

אַלץ ווייס איך. סענקע האט מיר ניט איין מאָל דערציילט וועגן זיך. ער האט מיר אפילע דערציילט, פאַרוואס ער איז אוועק פון דר'היים. ער איז אַוועק פון דר'היים דערפאר, וואָס ער האט ניט געהאט וואס צו עסן. פאָשעט און פראָסט. אז ס'איז ניטאָ אין שטוב וואָס צו עסן — איז גיי אוועק וווּהין דו ווילסט און מאָזאָליע יענעם ניט די אויגן. טרעט בעסער אָפּ דעם לעצטן ביסן דער מאַמען. אַזוי מיין איך. יאָ.

איז נאָך דעם, ווי מ'האט דערהאַרגעט דעם בראַטוכע, דעם איינציקן ברויטגעבער אין שטוב, איז סענקע צוגעגאן צו דער מאַמען (דער טאַטע איז נאָך געשטאָרבן פאַרן ברודער; ער איז, דאכט זיך, געווען א שיקאָרניק. כ'געדענק שוין ניט.):

— מאַמע, איך גיי אַוועק פון דר'היים און מער וועל איך זיך שוין ניט אומקערן...

— קום יאָ, קום ניט... גײ בעסער און זעץ אױס אַ פּאָר טאַפֿליעס בײַ די שכײנים.

איז ער אװעק. װאָס ט'ער זיצן אין שטוב? אַבי גלאַט זיצן אין שטוב מיט דער סקוקע און גאָרנישט ניט טאָן? שױן בעסער יאַזדען, אױב אַזױ. אַזױ מײן איך. יאָ.

האָט ער גענומען יאַזדען. צום ערשט האָט ער געיאַזדעט אין װאַגאָן באַגלײַך מיט אַלע מענטשן: זיך רויִק געשלאָפֿן אונטער אַ באַנק, ביזװאַנען די קאָנדוקטאָרן האָבן ניט געטאָרעט... דערנאָך האָט ער זיך שױן אױסגעלערנט יאַזדען אַף בופֿערס און אין די װאַגאָנען־אונטערקעסטלעך, צי אָפֿן פֿאַראָװאָז, דאָרט, װוּ די קױלן ליגן, צי כ'װײס װוּ... סענקע האָט פֿון מיר גאָרנישט ניט באַהאַלטן, פּונקט װי איך האָב פֿון אים אױך גאָרנישט ניט פֿאַ[illegible]טײַעט. גלײַך פֿונעם סאַמע ערשטן טאָג, װען מיר זײַנען געזעסן אין רײַאָן, האָב איך אים דאַן דערצײלט װעגן זיך אַלץ. איך האָב אים דערצײלט, אַז איך בין פֿון װאָלין; איך האָב אים דערצײלט, אַז איך הײס מײשקע; כ'האָב אים דערצײלט, אַז מײַן מאַמע האָט געהײסן דװאָסע (דװאָסקע, נו? — האָט סענקע איבערגעפֿרעגט); איך האָב אים דערצײלט, אַז מײַן טאַטע האָט געהײסן איציק (סענקע: איצקע? נו?! איך: „נײן, ניט איצקע, נאָר רעב איציק). דערנאָך האָב איך אים דערצײלט װער פֿון אונדזער מישפּאָכע איז געבליבן לעבן און װער פֿון אונדזער מישפּאָכע באַקט בײגל; דערנאָך האָב איך אים דערצײלט, אַז מײַן טאַטע האָט געהאַט אַ קלײטל מיט אַ טאַלעס און פֿלעג יעדן טאָג גײן אין שול דאַװענען מינכע און מײַרעװ. האָט סענקע אַפֿילע ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס איז דאָס אַזױנס מינכע און מײַרעװ, האָב איך אים געמוזט פֿאַרטײַטשן:

— נו, מאָליטסאַ; זנאַטשיט, טשאַסטאָ כאָדיל...

האָט ער שױן דאַן פֿאַרשטאַנען. נאָר ס'איז אים אַלץ ניט געװען קלאָר, פֿאַרװאָס גײט מען עס צװײ מאָל אין אײן טאָג דאַװענען. זײַן טאַטע, זאָגט ער, פֿלעג אַפֿילע אײן מאָל אין כוידעש אױך אין קלױסטער ניט אַרײַנקוקן... האָב איך אים װידער געמוזט געבן צו פֿאַרשטײן:

— נו, זנאַיעש, עטאָ אָביטשאַי טאַקאַי או יעוורעיעוו...
האָט ער געלאַכט.
זאָל ער לאַכן!
דערנאָך האָב איך אים דערציילט, אַז מײַן מאַמע האָט געהאַט רעוומאַטיזם אין די פּיס און פֿלעג שטענדיק זאָגן: „אוי, מייש־קעלע, שטעכט מיר אין די פּיס...״ איך האָב אים אַפֿילע דער־ציילט, אַז מײַן מאַמע האָט געהאַט נאָך עפּעס אַ מאָדנע קרענק, — גאַל־שטיינער, האָט עס געהייסן. האָט איר דער דאָקטער צוגעשריבן אַ רעפּוע, זי זאָל טרינקען וואָס מער טיי. פֿלעג זי יעדן אָפּדער־נאַכט און אינדערפֿרי אופקאָכן פֿאַר זיך דעם סאַמאָוואַר און אַליין אים אויסטרינקען. עפּשער זיבעצן גלעזער אָקרעפּ אַליין אויס־טרינקען. האָט עס סענקע אַלץ ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז דאָס אַזוינס די גאַלשטיינער, און פֿאַרטײַטשן האָב איך אים אויך ניט אַזוי גוט געקאָנט.
— נו, זנאַיעש, קאַמני...
— קאַמני? — האָט ער איבערגעפּרעגט — פּראָסטיע קאַמני? כי־כי...
— וואָס זשע לאַכסטו?
ציקאַווע — מאַכט ער — זייער ציקאַווע, יעי באָגו...
אַלץ האָב איך אים דערציילט. ווען די מאַמע מײַנע איז גע־לעגן אַף בויכטיפוס, האָב איך דאַן געגומען בא פערעלמאַנען פּאַפּיראָסן אַף צו פאַרקויפן און דאַן האָבן מיר זיך טאַקע אײַני־נעם באַגעגנט, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, אַ זעץ געטאָן מיט אַ קולעק הינטערן קעסטל און אַרויסגעשאָטן אַלע פּאַפּי־ראָסן אין דער בלאָטע אַרײַן... איז וועגן וואָס זשע טראַכט ער איצט, סענקע, פֿאַרוואָס זאָגט ער מיר ניט?
האָב איך געקוקט אַפֿן הימל. די בעסטע זאַך איז צו קוקן בא־נאַכט אַפֿן הימל. ווען איך קען, וואָלט איך זיך איצט אוועקגע־זעצט אַף אַ שטערן רײַטנדיק און וואָלט זיך דאָרט אַביסל אַרומ־געשפּרײַזט צווישן די וואָלקנס. דאָרט דאַרף, מיסטאַמע, זײַן שטאַרק ליכטיק. אַזוי מיין איך. יאָ.

— האָראָבעץ, — האָבֿ איך אים נאָכאַמאָל א טאָרע געטאָן אין דער פֿלייצע — וועגן וואס טראַכסטו איצט, האָראָבעץ? לאָמיך אויך וויסן.

— דו דאַרפֿסט עס ניט וויסן — האָט ער אופגעהויבֿן די קאָפּ פֿון דר׳ערד — דו דאַרפֿסט עס ניט וויסן, ליאמזע.

שוין! אָט האסטו דיר! איך דאַרף שוין ניט וויסן! סענקע הויבֿט שוין אָן פֿאַר מיר באהאַלטן סודעס!

— האָראָבעץ, — האָבֿ איך שוין דאַן אָפּגעהאַקט, — אויבֿ דו זאגסט מיר ניט, פֿארוואס דו זיצסט אזוי פֿאַרטראַכט, וועל איך זיין אף דיר שטאַרק בארויגעז.

— ווּעסטו זיין אף מיר שטאַרק בארויגעז, ווּעסטו קושן א פֿערד אונטערן ווידל. אזוי דאַרף מען שטענדיק טאָן, ווען מ׳איז בארויגעז.

טראַכט איך:

פֿאַרוואס זשע איז ער פֿאָרט אזוי פֿאַרקלערט? מיטן זאַוו האָט ער שוין, דאַכט זיך, די לעצטע פֿאָר כאַדאָשים קיין שום סטיטשקעס ניט געהאט. פֿאַרקערט, דער זאַוו האָט מיר ניטלאַנג געזאגט: ליפּקין! (דער זאַוו רופֿט מיך פֿונעם ערשטן טאג אָן לויט דער פֿאַמיליע. סענקען אויכעט) — דו ווייסט, אז סענקע ווערט אַ ווילער יאַט? וואס זאגסטו? האַ? („וואס זאל איך זאגן?..״) נאַדיע האט זיך שוין אויך אף אים מער ניט געקלאָגט. פֿאַרקערט, איך ווייס אפילע, אז זי שפּילט שוין מיט סענקען קוציניו-מוציניו (דאס פֿארטייַעט פֿון מיר סענקע, נאָר איך ווייס עס). די קאָמאַנדירן טאָרען אים שוין אויך קיינמאל ניט. פֿאַרקערט, זיי זאגן, אז סענקע איז גאָר געוואָרן א שטילער יאַט, נאָך שטילער פֿאַר וואַסער (הי-הי...) און מע רוקט אים אינגיכן ארויס פֿאר אַן עלטסטן קאָמאַנדיר, א נאַטשאַלניק איבֿער דער קאָלאָניע, הייסט עס. איז פֿארוואס זשע זיצט ער פֿאָרט אזוי פֿאַרקלערט? איך קוק אים גוט ארום, זע איך, אז ס׳שטעקט אין זיין קעשענע א בריוול, דאַכט זיך. איך שלעפּ עס שטיל ארויס, גיט ער א טראשטשע אויס זייַנע פֿאָר גרינע אויגן אף מיר און מאַכט:

— לייג אוועק.

— נאַ, נאַ, וואַרג זיך!

און בין טייקעף אוועקגעלאָפן צום זאַוו און פרעג אים:

— כאַווער זאַוו, דו ווייסט ניט פארוואס זיצט אזוי סענקע פארקלערט; דאַכט זיך, וויפל איך קאָן אים, איז ער נאָך קיינמאָל אַזאַ סומנער ניט געווען...

— ע,— מאַכט דער זאַוו — און רוקט מיר כאווערישׂ אריבער די היטל איבער די אויגן. — דו ביסט זיין עלטסטער פלאָקנשיסער און ווייסט ניט, אז ס׳איז אים אָנגעקומען א בריוו פון דער מאַ־מען. קוים אויסגעזוכט. און זי וויל, אז ער זאָל זיך אומקערן צו־ריק אהיים. ער האט מיך געפרעגט, האב איך אים געזאגט: טו ווי דו פארשטייסט... איז אָט טראַכט ער איצט. ער זאגט, אז ס׳ווילט זיך אים ניט צעשיידן מיט דער קאָלאָניע און מיט די פאַ־צאַנעס. פארשטאַנען?

זע נאָר! זעקס יאָר נאָכאַנאנד ווי מע זעט זיך ניט און פלוצים מיצקע־דרינען א בריוול. און איך גיי צוריק צו סענקען. איך גיי פאמעלעך און די שטערן זירען אף מיר פון אלע זײַטן. וואס זירען זיי אַף מיר? — ס׳ערשטע מאל זעען מיר זיך, צי וואס? דאַכט זיך, אז מיר זיינען שוין איינע דעם צווייטן גענוג ברידלע געוואָרן. יאָ! און דער מוילעד קוקט אויך אף מיר. דער מוילעד קוקט און לאַכט. און אין זײַן לאַכן דאַכט זיך מיר אויס, אז ער וויל מיר עפעס זאָגן, דער מוילעד. ער וויל מיר, דאַכט זיך, זאגן אָט וואס:

— שליאפּא! וואס קאָראָבעט דיר אזוי, וואס סענקע זיצט פאר־טראַכט...

נאָר גיי דערקלער דעם מוילעד, אז סענקע האָראָבעץ איז מײַן בעסטער גוטערברודער!

גיי איך צו צו אים און הויב אים אָן מוסערן:

— אי־אי־אי, האָראָבעץ, ווי איז דיר ניט מיִעס? דעם זאַוו, הייסט עס, יאָ, און מיר ניט?

— ליאמזע,— כאפּט ער זיך ראפּטום אוף פון אָרט, — ליאמזע, שרײַ הורא!

— וואָסידען?

— איך פֿאָר ניט. איך בלײַב דאָ. וואס ל'איך פֿאָרן, אז מע שיקט אונדז שוין אינגיכן אַף א זאַוואָד...

ווײַל איך טאַקע שרײַען הורא, נאָר דער צונג קען דאס וואָרט ניט אַרויסשטופּן.

— פּי, האָראָבעץ,— זאג איך אים,— פארוואס האסטו מיר פריער ניט געזאגט וועגן דער בריוו?

נעמט ער מיך ארום פֿאַר דער פּלײצע:

— פארשטייסט, ליאַמזע, דאס בריוול האט מיר אזוי פארקלעמט באם פּופּיק, אז ס'האט זיך מיר פּאָשעט געוואָלט זיצן און שווײַגן. ראַסקומעקאל?

— זע נאָר,— גיב איך סענקען א טאָרע, קוק זיך נאָר אײַן, ווי דער מוילעד סטעזשעט נאָך מיר.

— זאל ער סטעזשען — מאַכט סענקע — ס'אַזאַ געוווינהייט באַ אים, סטעזשעט ער. פון אלע זײַנע יארן טוט ער עס. ער האט דאָרט, מיסטאמע, אַזאַ סלוזשבע אין הימל.

כאַפּט אים דער רוען! אז א מוילעד דרייט זיך ארום נאַכט און נאַכט און האט מאמעש ניט וואס צו טאָן; קיינמאָל טוט עס קיין שטאָך ארבעט ניט! נאָר ער מיינט, מיסטאמע, דער מוילעד, אז עס אַרט מיך, וואס ער לאזט פון מיר קיין אויג ניט אראָפּ. עס הויבט מיך אפילע ניט אן צו האַרן. איך פײַף זיך אויס אף דיר, דו הימלשער מיליוטיק וואס דו ביסט, כאָטש דו זיצסט טאָמיד אינדערהויך און איך אונטן. יאָ!

סענקע האָראָבעץ האט מיר באוויזן דאס בריוועלע פון דער מאַמען. סאַכאַקל איז דאָרט עטלעכע געציילטע ווערטער געווען און ער האט פון דעם געמאַכט א גאנצן טראַסק.

אָט איז עס:

„Здравстуй сын мой Семен Васильев пишут тебе твоя матушка Настасья Филиповна которую небось що помнишь ох Семен я то клопотала по всем городам клопотала покедова мне сказали что ты здеся приезжай безпременно домой довольно

шлятся то аль зазнаваться не хочешь ну ответь приедешь аль нет“.

האט ער זיך אוועקגעזעצט שרייַבן איר אַן ענטפער. אז סענקע שרייַבט, שטעקט ער טאָמיד ארויס דעם צונג, פונקט ווי דער צונג וואָלט אים עפּעס מיטגעהאָלפן. סענקע האט אָנגעשריבן עט־לעכע קאָטשערעס און לאָפּעטעס און געוואָרפן. ער ט'איר אַן אנדערן מאָל אנשרייַבן. וואס ט'ער איר שרייַבן? אויב שרייַבן, דאַרף ער איר אָנשרייַבן אַ גאַנצע מעגילע. אזוי מיין איך. יאָ. און איצט דאַרף מען שוין גיין שלאָפן. מ'עט שוין באַלד פארלעשן די עלעקטרע.

XI

מיר האבן א גאַסט. — מורדיק! טאַקע יענער מורדיק, וואס איז געזעסן מיט אונדז אין איין טורמע. געקומען איז ער אין א מאָדנער טשיפּע, * אזוי ווי א האָמענטאַש, אין א פּאָר צערעפּעטע רע־דער ** און פון די שקארעס האבן בא אים צוויי גרויסע לעכער ארויסגעקוקט, אזוי ווי אויגן. ער איז געקומען, מורדיק, לאַנג געבלאָנדזשעט איבער דער קאָלאָניע, באַטראַכט אונדזער הויף מייַסע־גאַסט, געקוקט מיט סלינע אף די ליפּן אַף אונדזערע פולע טראָגעדיקע עפּלביימער, אַף אונדזער טויבנשלאַק, אַפן קלוי־סטער און אַף דער רויטער פאָן, אַף דעם סטאַוואָק, וואס מיר האבן פון דער בלאָטע געמאַכט, אַף אונדזערע צוויי געזונטע זשערעבעס און איז דערנאָך אוועק צום זאַוו און אים געזאגט:

— זדראַסטיע, אָט בין איך!

א געדולע האט אונדז געטראָפן. אָט איז ער!

אין צוזאַמענהאַנג מיט מורדיקס אָנקומען האט דער זאַוו מיט מיר און מיט סענקען זייער פיל געשמועסט. דער זאַוו האט געזאָגט, אז מיר ביידע דאַרפן זייַן מורדיקס פּעדאַגאָגן, און טאָמער ט'ער

* טשיפּע — היטל.
** רעדער — שיך.

זיך ניט אונטערגעבן, איז דאַרפן מיר קעמפן, וואָרום אונדזער קאָלאָניע איז געגליכן צו א פראָנט און אף פראָנטן קעמפט מען טאָמיד. יאָ.

אַף מאָרגן האט מען מורדיקן ארויסגעגעבן א פּאָר אנדערע שקאַרעס, מיט א פּאָר רעדער און טשיפּע, און איצט איז שוין גרי־געווען ארויסזען זיין פאָטאָגראַפיע: זיין קליין שמאָל קעפל מיט די ברוינע אייגעלעך און קירפּאט נעזל, מיט די קליינע ליפּן, וואס זיינען בא אים טאָמיד ווי פאַרשנירעוועט, און שווייגן.

איך האב געזאגט:

— מורדיק! דאס, וואס איז געווען ביז איצט, פאַרגעס. דאָ איז שוין עפּעס אנדערש.

סענקע האט מיר אונטערגעהאָלפן:

— יאָ, יאָ, מורדיק, דו הער זיך איין, וואס ליאַמזע זאגט דיר.

נאָר מורדיק האט אונדז די ערשטע צייט ביידעמען געהערט ווי דעם קאָטער און האט אַף יעדן שריט און טריט געהאַקט זיינע דרייגאָרנדיקע מיעסע מאַטושקעס און טאָמיד געזונגען דאס לידל וועגן עפּעס א פּאָדאָליער אורקע, וואס ער האט מיט זיך גע־בראַכט פון טורמע. אָט איז עס:

Жил был на Подоле гоп со смыком
Славился своим басистым криком,
Глотка была прездорова
И ревел он как корова
Гоп со смыком это будуя;
Ремесло он выбрал кражу
Из тюрмы он не вылазит
Гоп со смком это буду я!

דאס איז געווען זיין סאַמע באַליבט לידל, וואס ער פלעגט טאָמיד זינגען, פאַרקלייבנדיק זיך ערגעץ אין א ווינקעלע פון הויף. מורדיק איז בעטעווע זייער א שטיל באָכערל. קיינמאל רעדט עס קימאַט קיין וואָרט ניט אויס און האַלט פאַרשלאָסן דאס מויל.

איינמאל האב איך זיך מיט אים צערעדט; ווײַזט זיך ארויס, אַז ער איז אויך פון מײַן קאמפּאַניע. מער ניט, אנשטאָט ארײַנצופאַלן אין א הויז פאַר קרעציקע, ווי אונדזער „קלאָטשקאָווסקע 2", איז ער צום אַלעם ערשטן ארײַנגעפאלן אין א איזאָליאַטער. נאָר בײַ זיי איז נאָך געווען אַן ערגערע צאָרע, ווי בײַ אונדז. קעדיי די פּאַצאַנעס זאָלן פונדאָרט ניט קענען אנטלויפן, פלעגט מען זיי אויסטאָן אלע קליידער און לאָזן נאָר אין דעם, וואס די מאַמע האט זי געבוירן, גוט פארשפּאַרן אַלע טירן און גיי לויף... איך האב זיך מיט מורדיקן זייער גוט צונויפגעכאוועט. זײַן שווײַגנדיקע נאַטור רופט בײַ מיר ארויס גרויס פרײַנטשאפט צו אים. נאָר פאַרוואס — ווייס איך אליין ניט. מורדיק האט מיר שוין עטלעכע מאל דערציילט וועגן זיך. ער האט מיר דערציילט, אז ער האט גאָר קיינמאָל ניט געטראכט צו זיין אין א גרויסער שטאָט, האט אים איינמאל די שוועסטער אָפּגעפירט אין כאַרקאָוו, ארײַנגעפירט אין איזאָליאַטער אף אַלעקסאַנדראָווסקע גאס און אליין נעלעם געוואָרן דורך דער הינטערשטער טיר. מורדיק איז ארויסגעלאָפן אין הויף, זיך אוועקגעשטעלט אין סאַמע מיט און ‏געוויינט עפּשער אַ גאַנצע שאָ, נאָר קיינעם איז זיין רעווען ניט אָנגעגאַן... מ'האט אים ארײַנגעשלעפּט מיט גוואלד צוריק אין איזאָליאַטער און די פּאַצאַנעס האבן אים נאָך גוט אָנגענעריקט אויך. אזוי איז ער שוין דאָרט פאַרבליבן, ביז א גרופּע יאַטן האבן איינמאָל ניט ארויסגעדרייט דעם שלאָס פון דער הויפּט־טיר און מורדיקן אויך מיטגענומען מיט זיך. און שפּעטער האט מען אים טאַקע מיט דערזעלבער קאמפּאניע געפּאַקט בײַ א שטיקל גניווע און זיי אוועקגעפירט אין קוטוזקע. מורדיק זאָגט מיר איצט, אז ער האט דאַן אומזיסט געוויינט אינמיטן הויף, ווײַל די שוועסטער האט סײַ־ווי קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט... ערשט א טאג פאַר דעם האט זי די מאַמען אַפּן בייסוילעם אוועקגעפירט, איז וואס וועט זי איצט טאָן מיט מורדיקן און ווו ט'זי פאַר אים נעמען וואס צו פּיקן?..

אז מורדיק דערציילט מיר פון זיינע נעסיעס און זיין איזאָליאַטער, דערמאָנט זיך מיר טאָמיד אונדזער „קלאָטשקאָווסקע 2".

זינט כ׳וועל לעבן, וועל איך קיינמאל ניט פֿאַרגעסן דאס הויז פֿאַר לישייניקעס. אָט אזוי שטאַרק האט זיך עס מיר איינגעגעסן אין מויעך. איך געדענק נאָך איצט, אז יעדער אָוונט פֿלעגט בײַ אונדז אַף „קלאָטשקאָווסקע 2״ דורכגיין אזוי: —

בײַ די פּעדאַגאָגיכעס (פֿלירט):

— לאנדיש.

— נישט איצט, וואַניע, שפּעטער,

— נעגעלעך.

— א שיינעם דאַנק דיר פֿאַרן קאָמפּלימענט.

— שניי־גלעקעלעך.

— דו גייסט שוין, דאַכט זיך, אַריבער די מאָס, מישאַ!

בײַ די פּאַציאַנטעס אין שלאָפֿצימער (אָטשקאָ):

— גיב א קאָרט.

— נאַ.

— נאָך איינע.

— נאַ.

— פּויק?

— וואַרט... גיב נאָך איינע, כאַפּט עס דער רוער!

— נאַ... און טאָמער ס׳טו פֿאַרשפּילן?

— גיב איך אָפּ מיין לײַלעך.

— נאַ.



— איין און צוואַנציק!

— אנו, בײַווײַז!

— נאַ, קוק: קעניג, טויז, זעקסטל.

— כעוורע, זעקס! נילקע גייט!

לײַכטע טריט איבערן קאָרידאָר. זיך אָפּגעשטעלט א ווײַלע און א פּראַל געטאָן די טיר:

— א, ווידער קאָרטנשפּיל!

— פּאָשלאַ, נילקא, פּאָשלא פּלירטעווען.

— וואס פּאַרא רייד? (א טופּע מיטן קנאַפּל). וואס פּאַראַ רייד הער איך? (צוויי מאָל א טופּע). באָריס באָריסאָוויטש, גיי נעם זיי אײַן!

שווערע שטיוולטריט איבערן קאָרידאָר. דער אופזעער איז אריַין אין שלאָפצימער:

— שלאָפן! — אַן אויסגעשטרעקטע האָריקער פויסט שטעקט אינדערלופטן. — שלאָפן!

אין א האַלבער שאָ ארום ווידער דאסזעלבע.

בא די פּאַצאַנעס אין שלאָפצימער:

— נו, מיר יאָגן וויַיטער?

— דאַיאָש!

— וויפל שטייט אין באַנק?

— צען פרישטיקן.

— אף אלע!

— נאַ.

— פּ־פּוץ!..

בא די פּעדאַגאָגיכעס:

— אַקאַציע.

— פי, כ׳האב עס פּיַינט, מישע.

— רעזעדאַ.

— איַיערע ברעמען; גוואַלד, איַיערע ברעמען, ניִלאַ קאָנדראַטיעוונאַ...

* * *

עס ווערט שוין קאַלט. אונדזער קאָלאָניע הויבט זיך אָן קוטען און די טירן און די פענצטער פארקלעפּט מען מיט פּאַפּ. אונדזער סאָד הויבט אָן אראָפּוואַרפן פון זיך די בלעטער און הילט זיך איַין אין די צוויַיגן. שטייסטו אוף אינדערפרי, זעסטו שוין אף די דעכער דעם פריר־טוי, אזוי ווי א דינינק וויַיס שאַלעכעל וואָלט דאָרט געלעגן. עס ווערט שוין אפילע אביסל טומנע אויכעט. נאָר דו באמערקסט עס נישט, וויַיל דו ביסט א גאנצן טאָג פארנומען אדער אף די לימודים, אדער ערגעץ אף ארבעט. איצט, אז כ׳האב זיך אָנגעהויבן לערנען, פיל איך, אז עפּעס קומט מיר צו. נאָר וואס וויים איך אליין נישט. אָט האט אונדז א פּעדאַגאָגיכע

דערציילט, אז די ערד דרייט זיך קעסיידער ארום דער זון. גלויב איך איר ניט: וואָרום, ווען די ערד וואָלט זיך געדרייט ארום דער זון, וואָלט איך זיך אויך געדרייט ארום דער זון. אזוי מיין איך. יאָ.

און איך שטיי גאָר די גאנצע צייַט אַף איין אָרט.

האָראָבעץ זאָגט:

— ליאַמזע, גלויב איר, וואָרום זי ווייסט בעסער פאַר דיר, אניט וואָלט זי קיין פעדאַגאָגיכע ניט געווען.

די סאַמע שווערסטע זאַך, וואס סע גיט זיך מיר איַין — איז אַריפמעטיקע. די פעדאַגאָגיכע זאגט מיר, אשטייגער, אז א הענדלער פאַרדינט נייַנציק רובל א וואָך, איז זאָל איך צונויפרעכענען וויפל פארדינט ער פאַר זיבן וואָכן. איז פונוואַנען זאָל איך עס וויסן, וואס בין איך א נאָווי, צי וואס?

האָראָבעץ זאגט:

—ליאַמזע, טו וואס זי הייסט דיר, וואָרום קאָלזמאַן זי הייסט, ווייסט זי וואס זי טוט. אניט וואָלט זי קיין פעדאַגאָגיכע ניט געווען.

אָדער אָט האט אונדז דער זאַוו דערציילט וועגן סטענקע ראַזינען, האט ער אונדז אזויפיל אָנגעדערציילט וועגן אים, אז ס'האט זיך באקומען, אז סטענקע איז געווען א גאנצער גאָט. און איך ווייס גאָר וועגן סטענקען אָט וואס: ער איז איינמאָל געפאָרן מיט א פערסידסקער יעפייפיע איבער דער וואָלגע, איז ער מיצקע־דרינען אינקאַעס געוואָרן אף איר און זי א כאַפּ געטאן פאַר דער טאַליע און אריַינגעוואָרפן אין וואַסער אריַין. איך ווייס אפילע א לידל וועגן דעם. אָט איז עס:

Из за острова на стряжень
На простор речной волны
Выпливают расписные
Стенки Разина челны.

און דער זאַוו זאגט, אז דאס, וואס מע זינגט, איז איינס, און דאס, וואס איז געווען אינדערעמעסן, איז צוויי. אין אינדערעמעסן,

זאגט ער, האט גאָר סטענקע געקעמפּט פאַר סלאָבאָדע פאַר די פּויערים און איז געווען א גרויסער בונטאַר (אזוי זאגט ער טאַקע „בונטאַר") און מ'האט אים דערפאַר אוקאָקאָשעט.

הארָאָבעץ זאגט:

— ליאַמזע, דאס לידל איז קאַבאַק און אויב ער זאָגט — ווייסט ער, אניט וואָלט ער קיין זאַוו ניט געווען.

XII

נעכטן אינדערפרי איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי בא אונדז אין קאָלאָניע. בין איך ארויסגעלאָפן אין דרויסן און גענו־מען כאַפּן מיטן מויל פאַלנדיקע שנייעלעך. און טאַקע אין דעמ־זעלבן אינדערפרי האט האָראָבעצן אָנגעקלאַפּט דאס זעכצנטע יאָר אין די שלייפן:

— לאָז ארייַן!

כ'האָב ווי געזען, אז דאס זעכצנטע יאָר האט די גאנצע צייַט נאָכגעשפּירט האָראָבעצן, ווי א ליאַגאַווער*. און נעכטן אינדערפרי מיטן אָנקום פון ערשטן שניי ארייַנגעלאָפן אין שלאָפצימער און גלייַך צו זיין בעט:

— סענקע, כ'בין דאָ!

סענקע האט, דאַכט זיך, גאנצפרי עפּעס גערעדט מיט זיך אליין; עפּשער האט ער טאַקע געפילט, אז באלד וועט אים דאס זעכצנטע יאָר אָנקלאַפּן.

און מיר איז נעכטן געוואָרן פופצן יאָר. פונוואַנען ווייס איך עס? איך געדענק, די מאַמע האט מיר אמאָל דערציילט, אז ווען זי האט מיך געבוירן, איז אקוראַט אף מאָרגן ארויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. פונדאַנען צייל איך טאַקע מייַנע יאָרן...

נאָכן ערשטן שניי האב איך שוין אופגעהערט כאַפּן מיטן מויל שנייעלעך, וואָרום דער שניי איז מיר שוין געוואָרן געוואוינטלעך...

* ליאַגאַווער — א מיטאַרבעטער פון אויסשפּיר.

וואָרן, דער ווינטער האט ארומגעצאַמט אונדזער הויף מיט הויכע־שנייִקע באַריקאַדעס. נאָר ווי מיר גייען אַלע ארויס אין דרויסן, אזוי צעטרעטן מיר באלד די באַריקאַדעס און אויס.

האַרבסט פלעגן מיר נאָך פירן אין נאָענטסטן דאָרף קלעצער פאר דער נײַער שול, וואס מע בויט דאָרט. האט מען איצט אָפּגעשטעלט די בויונג ביז פרילינג, אזוי, אז מיר לערנען זיך נאָר און גליטשן זיך מיט די דאָרפישע יאַטלעך באַרג־אראָפּ אף די אייגענע הינטנס.

דער זאַוו אונדזערער האט זיך עפעס אײַנגעפירט א נײַע מאָדע: ער לאַכט. טאָמיד, ווען ער באַגעגנט מיך, איז אַנשטאָט מיר עפעס צו זאגן, פאַרשנירעוועט ער די ליפּן אין א פריילעך מיגעלע און לאַכט. וואָסי? ווײַזט זיך ארויס, אז דאס קלײַבט ער פון אונדז נאַכעס, נאָר ער וויל אונדז ניט אויסזאָגן. אבער איך האב זיך שוין דערוווסט פאַרוואָס. דאס, וואס די פעדאַגאָגיכעס האבן אונדז די גאנצע צײַט דערציילט וועגן דער ערד און וועגן אַריפמעטיקע, דאס האט מען אונדז געגרייט פאר פאַבזאַווצעס. און די טעג פירט מען אונדז אין שטאָט ארײַן... און ס'אַפּאָנים, אז איך האב טאַקע געטראָפן. געכטן האט אונדז דער זאַוו (מיך, האָראָבעצן, מורדיקן און נאָך א פּאָר פאַצאַנעס) אופגעוועקט זייער פרי:

— רעביאַ! געגוג צו פּאָפּן, מיר פאָרן אין זאַוואָד.

מיר האבן זיך טייקעף אַלע אָנגעטאָן און אוועק צו דער סטאַנציע. בעשאַס מיר זײַנען געפאָרן אין וואַגאָן, האב איך די גאנצע צײַט געקוקט אין פענצטער. אַנטקעגן זײַנען מיר געלאָפן בערג. די גראָז, וואס אף די בערג, האט דער שניי און דער ווינט פארדרייט, ווי ווײַסע, שיינע לאָקאָנעס, אזוי ווי בא א באַרישניע. די פעדאַגאָגיכעס פון אונדזער קאָלאָניע האבן מיר געזאגט, אז איך זאָל זיך צוקוקן צו דער נאטור, וואָרום אין דער נאטור איז דאָ אסאַך שיינקייט. צום ערשט האב איך זיי ניט געגלויבט, נאָר אז כ'האב זיך טאַקע אָנגעהויבן צוקוקן צום זומער, האב איך געזען, אז ווען ס'א ווינטל, קאַטשען זיך אונדזערע הויכע טאָפּאָלן ארום דער קאָלאָניע, אזוי ווי שיפן אפן יאַם... און ווינטער

פֿאַרדרייט דער שניי און דער ווינט אונדזער קאָלאָניע ווײַסע קוטשערעס...

איך זיץ אין וואַגאָן און קוק דורכן פֿענצטער אויף די שטיבלעך מיט די בערג, וואָס בוקן זיך פֿאַר מיר, ווען זיי פֿאָרן דורך פֿאַרבײַ מײַן וואַגאָן. איך בין שטאַרק צופֿרידן, נאָר פֿאַרוואָס ווייס איך אַליין ניט. אַזאַ פֿרייד דאַרף מען ווי ס'ניט איז אַנדערש איבערגעבן, ניט מיט רייד. אַזוי מיין איך. יאָ.

דער זאַוו טוט אַ קוק אויף אונדז און לאַכט:

— רעביאַ! אָט איז שוין די שטאָט.

קריכן מיר אַלע אַראָפּ פֿון צוג און לאָזן זיך גיין איבער דער שטאָט צום זאַוואָד, צום מעטאַלן־זאַוואָד. די שטאָט רייצט מיך מיט אַלערליי צאַצקעס, וואָס זײַנען אויסגעשטעלט אין די וויט־רינעס, נאָר מיך אַרט עס שוין ניט. פֿריִער מיט אַ פּאָר יאָר וואָלט זיך מיר עפּשער געגלוסט עפּעס צולאַטכענען פֿונדאַנען, נאָר איצט דאַרף איך עס האָבן אויף טסיטשי קאַפּאָרעס. יאָ.

שוין עטלעכע מאָל, ווי איך זע די שטאָט, נאָר קיינמאָל איז זי מיר אַזוי ניט געפֿעלן געוואָרן ווי הײַנט. איך מיין, ס'איז דער־פֿאַר, וואָס כ'פֿלעג פֿאַר אַלעמען מוירע האָבן, דערפֿאַר פֿלעג איך זיך ניט צוקוקן צו דער שטאָט. ס'פֿלעגט זיך מיר טאָמיד אויסדוכטן, אַז הינטער מיר גייט אַ ליאַגאַווער. און איצט פֿײַף איך אויס אויף די ליאַגאַוועס. יאָ.

אַך, וויפֿל הויכע מויערן אין שטאָט, מאַט משעסנאַיאַ!..

מיר קומען אַרײַן אין קאַנצעליאַריִע פֿון זאַוואָד, מאַכט דער זאַוו מיט אַ פֿריילעך מינעלע:

— אָט זײַנען מײַנע פֿינף באָנים, ווענן וועלכע מיר האָבן מיט אייך גערעדט...

זייער זאַוו (מיסטאָמע רופֿט ער זיך בײַ זיי אַנדערש, כ'ווייס...), אַ צעקנייטשט פּאָנים, ווי אַן אײַנגעזײַערטער באַקלאַזשאַן, רופֿט אָפּ אונדזער זאַוו אין אַ זײַט און שושקעט זיך מיט אים עפּעס. איך האָב נאָר דערהערט אונדזער זאַווס ווערטער:

— וואָס רעדט איר?.. איר מעגט זיך שוין פֿאַרלאָזן...

דאס מיינט מען אונדז, מיסטאַמע. אפֿן אונדזער זאַווס אָרט וואָלט איך יענעם אָנגעכראַקעט אין מאָרדע פֿאַר אזעלכע מיי־נעכצן! יענער מיינט, מיסטאַמע, אז מיר קלייַבן זיך דאָ אויך ליאַמזען.

און סענקע האט פּלוצים ניט געסטייַעט.

סענקע שטייט שוין אין הויף און האַלט א שמאַט* דראָט אין די הענט און באקוקט מייַסע־באַלעבאָס דעם זאַוואָד. בין איך אויך ארויסגעלאָפֿן.

— האָראָבעץ, זאָג איך, ווי געפֿעלט דיר?

— אָן זעסט יענעם גוואַלדאָוונעם הויבקראַן?

— יאָ, וואָסידען?

— איך וואָלט זיך גאָרניט אָפּגעזאָגט זיך דורכפֿאָרן אביסל מיטן מאַשיניסט הין און צוריק.

ווען מיר זיינען געפֿאָרן צוריק אין קאָלאָניע, האט זיך בא סענקען ניטווילנדיק ארויסגעריסן:

— כאַוועַר זאַוו, מירן ארבעטן נאַ כראַפּו**, צי פאר קערבענ־צעס?***

— פֿאַר קערבענצעס — מאַכט דער זאַוו — פֿאַרשטייט זיך.

מאָרגן גאנצפֿרי דארפֿן מיר שוין צוטרעטן צו דער ארבעט. פֿון מאָרגן אָן דארפֿן מיר שוין ווערן גאָר־גאָר אנדערע מענטשן. אזוי מיין איך. יאָ.

יאַלטע — אָדעס.

IV — XII 1929.

---

* שמאַט — א שטיק.

** נאַ כראַפּו — אומזיסט.

*** פֿאַר קערבענצעס — פֿאַר געלט.

# די „קאָמונקע" פון פינף

(נאָוועלע).

מיין אומגעקומענער
פון הונגער מאַמען כאַסיע שוואַרץ,
פון איר „קאַדעש" פייוול סיטאָ.

## I

אפן ראָג פון א שטילער גאַס, אין דער אפישן־און פלאַקאַטן־בודקע זיינען א פּאָר אונטערשטע ברעטער ארויסגעריסן. דאָ איז זייער היים: —

די „קאָמונקע".

פינף זיינען זיי:

פעטקע — א קורץ יאַטל מיט קעצישע אויגן — „ווערצעלע" רופט מען אים.

זיאַמקע — א גרויסער לאַנגער קאָפּ מיט קרומע ברעמען — „זיוזע" איז זיין צונעמעניש.

מאַנקע — א דאַר מיידל מיט א פאַריסן נעזל, — זי איז די באַלעבאָסטע בא זיי.

מישקע — א פאַרשייט יאַטל מיט איין הילצערנער פוס, — „שמיגע" הייסט ער.

און רודאָלף — א הארבער יונג, א לעט — ער איז דער אטאַמאַן. ער קאָמאַנדעוועט און פירט דאס רעדל.

ווי אזוי זיי האבן זיך פאַרייניקט?

... מישקע האט נאָך דער מאַמעס טויט קיין לאַטקעס ניט געגעסן... איינמאָל האט ער זיך געלאָזט אף א מיעס געשעפט, האט מען שוין אָבער נאָך אלעמען באמערקט זיינע פיס און גענומען שרייען „סטאָי"! איין מאָל „סטאָי", צוויי מאָל, נאָר ווער קאָן זיך עס נאָך אזא מייסע צוהערן צום „סטאָי"? האט מען א דריטן מאָל א געשריי געטאָן און —

זעץ!

מישקע ליגט שוין אָן א פוס...

און שפעטער האט ער שוין געשמיגעט אף איין פוס איבער גאַסן, איבער מערק, איבער הויפן און פלוצים רודאָלפן באגעגנט.

— יאָלד! וואָס גייסטו ארום און טרוימסט? — האט אים דרדאָלף געזאָגט — קום מיט מיר וועט דיר זיין גרובאַ*.

האט איר שוין צוויי?

נו, און זיאַמקע מיט פעטקען האבן זיי אפן וואָקזאל באגעגנט. זיי האבן זיך ביידע געבוצקעט, ווי די הענער, איבער אן אָו״ אף צו שלאָפן. בא זיאַמקען זיינען שטיקער בלוט געקראָכן פון נאָז, און פעטקע האט אזוי אויסגעזען, ווי א ראָטע קעץ וואָלט אָקאָרשט געקלעטערט אף זיין פאָנים... דאָך האט קיינער דאס אָרט נישט געוואָלט אָפטרעטן.

— פאַרנעם זיך פונדאַנען, קאָלזמאַן איך האב פון דיר ניט געמאַכט קיין בלין! — האט זיאַמקע געשריגן.

— ווער, איך זאל זיך פאַרנעמען? דו, דרעפלאָ**. — האט זיך פעטקע ווידער א וואָרף געטאָן אף זיאַמקען, — איך צעקוועטש דאך דיך באלד ווי א שטיפט***, — נאר רודאָלף האט זיי טייקעף צענומען:

— איר זיינט ביידע ווערט א גרייַצער! — האט ער זיי געזאגט. — איר קאנט זיך אזוי שלאגן, פונקט ווי מייַן באַבע קען שיסן... נאר נישט געדייַגעט! אז מע קאן ניט אנדערש, איז אזוי אויך ניט שלעכט. און אויב איר ווילט, איז קומט מיט מיר. כ׳האב פאַר אייך א לייַטיש געשעפט.

האט איר שוין פיר.

און מאַנקע? זי איז בעשאַס־מייַסע געזעסן אין א ווינקעלע און זיך געוואַרעמט בא דער באַטאַרייע. איז זי אזוי קלוג אונטערגעגאנגען און א שמוכע געטאן מיט איר פאַריסן נעזל:

— אָט א געשלעג, איז א געשלעג!

* ווייל.

** פאַכדן.

*** לויז.

אז רודאָלף האט דערהערט פון א מיידל אזעלכע רייד, איז בעסער דאַרף מען שוין ניט!

אָט האט איר די גאנצע קאָמונקע.

זיי מאַכן עס איניינעם א לעבן!

און טאַקע? מיט וואס איז דאס א שלעכט לעבן? אויב מע עסט אפילע הייַנט גארנישט, איז עס אויך קיין גרויסער אומגליק ניט. דערפאַר עסט מען מאָרגן, אָדער מע האט נעכטן געגעסן קראַקאָ־ווער וווּרשט און געגרויכערט די עמעסע ציגאַרן.

הויל און וווּיל!

פרייַ פונעם קינדערהויז, פון די „וואָספּיטאַטעלניצעס" מיט זייערע זיסינקע ריידעלעך:

— זיאַמקעלע, דאָ גיי נישט, און דאָ שטיי נישט...

— זיאַמקעלע, דאס ריר נישט און דאס טשעפע נישט... (און דעריקער נאך: זיאַמקעלע!).

אז זייער אייסעק איז עס!..

מער פאַר אלעמען קען זיאַמקע נישט ליַידן דעם הויכן דראָנג יעווסיי פּעטראָוויטש. ער קאן אים מאַמעש ניט אָנקוקן. זיין דייַגע, טאָמער האט זיאַמקע צוגעשלעפּט אין מאַרק א רינגל וווּרשט, צי א לעבל ברויט!

— ס'איז זיינע, א רועכן זיין טאַטן אריַין?!.

זיין דייַגע, טאָמער האט זיאַמקע ליב קלינגען אין אלע פּאַראַד־טירן:

— ביסט א פּעדאַ־האָג, א רועכן אין דייַן טאַטנס טאַטן אריַין, טאָ זיי א פּעדאַ־האָג און מיש זיך ניט אין מיַינע אייגענע געשעפטן!..

קאַיאָר, ווען די זון רייַסט זיך דורך די שפּאלטן אין דער בודקע אריַין, איז רודאָלף שוין אויף. א קלייניקייט! אזא אָל אף זיך! אזא פּאַראנטוואָרטלעכקייט, ווי פירן א קאָמונקע! שלעפּט ער גלייַך אַראָפּ פון אלעמען די „קאָלדרעס" (מיט די קאָלדרעס איז די געשיכטע אזוי:

אָט דו גייסט אמאָל אין גאַס און זעסט אזא אַפּיש:

„היינט שפּילט מען אין דער רוסישער אָפּערעטע — „ס י ל ו ו אַ".

— אך! ס'ארא שיינע זאַך, — טראַכסטו זיך, — די „סילוואַ", און צאַפּ! — א ריס די „סילווע" פון דער בודקע — און אָט האסטו שוין א קאָלדרע!..)

רודאָלף שטורכעט אלעמען מיטן פוס אין זייט אריין:

— היי, מישקע! גענוג צו פאָפּן! ס'אי דיר ניט בא זיך אין שטוב, ברודערקע! — צום לאקכענען!

— זיוזע! שלימאזל! — שנאָרען!

— קאָרעש! הויב זיך! נו, שנעלער!

און צום סאָף צו מאַנקען:

— מאַנקעלע, נעם צונויף דיינע בעבעכעס, ווייל שוין צייט — די פּובליקע וואַרט שוין אף דיר...

צו איר באַציט זיך רודאָלף ווייכער, ווי צו אלעמען. און ניט נאר רודאָלף. די גאנצע קאָמונקע באַציט זיך צו איר אזוי... ט'איז דאך די איינציקע פרוי אין דער קאָמונקע, דאַרף מען דאָך זי שאנעווען. און ביכלאל...

אירע צוויי שווארצע קאַרשן - אויגן זיינען אלעמען שטאַרק געפעלן... און די ערשטע צייט זיינען אירע שוואַרצע אייגעלעך געשווומען אף די אָפּט - ערנסטע און פאַרדייגעטע פּענימער פון דער כעוורע און ארויסגערופן א כיינדל אף זייערע ליפּן. די גאנצע קאָמונקע ווייסט איר לעבנסגעשיכטע פון אלעף ביז טאָף. פון דעם, אז נאך אין די וויקעלעך האט זי די מאַמע אוועקגעוואָרפן... און ווייטער — ווי זי האט שוין א נייניאָריקע געהאָרעוועט בא איר מומע, געוואַשן איר די דילן, געטראגן וואַסער פונעם ווייטן ברונעם, און די מומע האט זי דערפאַר יעדן טאָג געקנייפּט אין די זייטן און געשטאָכן מיט זידלווערטער אין הארצן... און נאָך ווייסן זיי, אז ווען די מומע האט שוין אליין דאס לעצטע ריפּטל ברויט אין אלמער געהאט, האט זי די צוועלפיאָריקע מאַנקע פון שטוב ארויסגעטריבן און איר געהייסן גיין זוכן דאס לעבן. איז מאַנקע אוועק אף די מאַרקן און וואָקזאַלן זוכן דאס לעבן... אלץ

ווייסן זיי, די כעוורע, ווײַל ניט איינמאָל האט זי געפּרוווט מיט הארטע גרײַפּלעך טרערן זיך צעוויינען... האבן זיי אלע איר געוויין אײַנגעהאלטן און אים באהאלטן יעדערער בא זיך טיף אין הארצן...

נאר קיין פּלאַטאָנישע ליבע הערשט דא נישט... דער פּאַטרי־אַכאַלער שטייגער גייט דא אמאָל ניטווילנדיק אריבער דעם גרע־נעץ אויכעט...

ביכלאל איז אין דער קאָמונקע איינגעפירט א שטרענגע און ריכטיקע ארבעט־צעטיילונג. יעדערן לויט זיינע פעיִקייטן.

זיווזע דאַרף פּאַנטועץ * (זיווזע קאן גוט די מעלאָכע, נאר די כאַוור־רײַע איז נישט צופרידן פון אים. שוין עטלעכע מאָל האט מען זיווזען א פּויסט צו זיין לאנגער נאָז צוגעטראָגן:

— גאַ, זע! ווען נאכאַמאָל קומען אהיים א לײדיקער, איז — אָט!.. די פּויסט האט זיך גאר נאָענט, אף עטלעכע מילימעטער געדרייט נעבן זיין נאָז און געדראָט...).

אף מישקען איז געלעגן זייער א שווערע און פאַראנטוואָרט־לעכע ארבעט — טיבּרען. בא אזא ארבעט דאַרף מען זיין זייער פלינק און פּאָרזיכטיק, וואָרום, בעשאַס דו כאַפּסט ארויס בא וועמען עס איז א רעדיקול, איז דארפסטו ניט פאַרגעסן, ווו דו האלסט אין דער וועלט און טייקעף רײַסן נעגל **, ווייל זי, די באַלע־באָסטע פונעם רעדיקול, ווען דאך מיסטאָם באַלד אָנהויבן קווי־טשען, ווי מע וואָלט זי אף אַן עמעס געקוילעט... איז זאָל עס דיך ניט אַרן! זי וועט אזוי לאנג קוויטשען, ביז זי וועט געווינט ווערן... דו לויף! און ניט געקוקט דערויף, וואס מישקע האט נאר איין פוס (האָלץ בלײַבט דאך פאָרט האלץ), וועט איר אים נישט דעריאָגן... וואָרום ער טוט נאר א שמיגע פאַרבײַ אייך און שוין ניטאָ. גייט זוכט דעם פאַראיאָריקן שניי...

און פאַר זיך לאָזט רודאָלף איבער די אָנפירערשאפט, די אַטאַ־מאַנשאפט, די אויבערקאָמאַנדע, אזוי צו זאָגן.

---

* שנאָרען.

** אַנטלויפן.

אזוי ארום האט איר דא אין דער קאָמונקע א פולן ראַציאָנאַ־ליזירטן אַפּאַראַט (האַלעווײַ אױף ליַיטישע אונטערנעמונגען געזאָגט געוואָרן ...).

איז הײַדאַ, ברידערלעך, צו דער ארבעט, שנעלער!

אזוי הויבט זיך אָן אין דער קאָמונקע דער ארבעטס־טאָג. אין איין מינוט ווערט די טומבע פוסט. כעוורע צעלויפן זיך אין אלע עקן פון דער גרויסער שטאָט, יעדערער אױף זײַן שטענדיק אָרט.

II

אין מאַרק האט זיך אָן אוילעם אין א ברייטן קרייז צונויפגעקומען. דאס טאַנצט מאַנקע און פּעטקע קלאַפּט מיט א קולעק אין בובנע. מאַנקע מאַלט זיך אָפּ, אז זי איז א באַליערינע. אָך, ווען זי האט א פּאָר שיינע שוואַרצע טרוסיקעס מיט א שוואַרץ דיניקע ליפל אויסגעהעפט מיט זײַדענע פּאָדעם אױף די בריסטלעך, ווי שורקע טשומאַזאַיאַ, וואס טרעט דא אויך ארויס אין מאַרק!.. נאר יענע וויל אפילע מיט מאַנקען נישט ריידן. יענע איז שוין א „סטאַליטשנע פּרימע", און מאַנקע איז וואס?— א שלעפּערן און מער גארנישט! יענע טאנצט טאָמיד נאר אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון א פידל מיט א האַרמאָשקע און מאַנקע מוז טאַנצן אונטער אַקאָמפּאַנימענט פון א צעריסענער בובנע, וואס פּעטקע האט באַ א ציגײַנערן אָפּגעווישט.

מאַנקע פאַרבויגט אירע דאַרע הענט, ציט אויס די פיס, און ווען זי שפּרינגט, סטאַרעט זי זיך אפן גראָבן פינגער אוועקשטעלן ... עמעס, דער „טײַווע־טאנץ", וואס מאַנקע פּילט אויס, איז גאר שורקעס קאָמפּאָזיציע, און טשומאַזאַיאַ האט געזאגט, אז אויב זי וועט נאָכאַמאל פּאַקן מאַנקען, ווי זי טאנצט איר „טײַווע־טאנץ", וועט זי איר פּאַר אלעמען אין די אויגן באַגיסן דאס פּאָנים מיט אָליען ... נאר דאך האט מאַנקע ניט קיין מוירע פאַר איר, ווייל רודאָלף האט געזאגט, אז זאָל זי נאר איר א פרווו טאָן אָנרירן, וועט ער זי צערייבן אין א פּראָשעק און וועט נאך באַ איר

אָפּגעמען דאס ליפּל מיט די טרוסיקעס אויך, און דאַן וועט זי ווערן אויס פּרימע...

נאָך מאַנקעס „נומער" פּלעכט פּעטקע צונויף זײַנע הענט, פאַר־לייגט זיי אפן הארצן, ציט זיך אויס אף די שפּיץ פינגער, לאזט אַראָפּ די ברעמען און הויבט אָן זינגען (אזוי האט ער געזען טוט סטענקע סמעשנאָי אויכעט... נאר יענער וויל אפילע מיט פּעטקען נישט האבן צו טאָן, ווײַל סמעשנאָי רעכנט זיך אין מאַרק פאַר א „זווע־סטנעם קופּליטיסט פון מוזיק־כאָל" און פּעטקע איז נישט מער ווי א קאָרעשל, א ווערצעלע, וואס מע זעט קוים ארויס פון דער ערד... און אויסער דעם, טרעט סמעשנאָי טאָמיד ארויס אונטער אקאָמפּאַנימענט פון א שאַרמאַנטשיק און טראָגט א לאנגן שוואַרצן פּידזשאַק מיט פּאַרקײַלעכיקטע שפּיצן און מיט א שפּאַלט פונהינטן, און פּעטקע מוז ארויסטרעטן אין זיין וואָכעדיקן „אנצוג", וואס קוקט ארויס פון ביידע קני מיט צוויי גרויסע לעכער, און דאסזעלבע אויך בא די עלנבויגנס און אף דער פּלייצע).

פּעטקע זינגט מיט א דין קוויטשיק קעלעכל א לאנג־מאָנאָטאָן לידל וועגן א „קראַסאַוויץ", וואס האט זייער ליב געהאט א „קראַ־סאַוויצע". נאר ווען זי האט אים אָנגעהויבן פאַרבײַטן, האט ער זי איינמאָל געפּאַקט און ארײַנגעשטאָכן א מעסער אין ברוסט און דורכגעלעכערט דאס הארץ... די „קראַסאַוויצע" איז אזוי געבליבן ליגן מיט א דורכגעלעכערט הארץ און מיט פאַרמאַכטע אויגן אינמיטן פּלאַץ, און א וואַרעמע ריטשקע בלוט האט פון איר הארץ געשטראָמט"...

עמעס, דאס לידל איז פון סטענקעס רעפּערטואַר, און סמעשנאָי האט געזאגט, אז אויב ער וועט אים נאך איינמאָל פּאַקן זינגען זיין לידל, וועט ער אים ארויסשלעפּן א פוס און אים ארײַנשטעלן א הראַבליע... נאר פּעטקע האט פאַר אים קיין מוירע ניט, ווײַל רודאָלף האט געזאגט, אז זאל ער נאָר, סמעשנאָי, וואַגן אָנרירן פּעטקען, וועט ער באַ אים אָפּנעמען דעם פראַק מיט די פאַר־קײַלעכיקטע שפּיצן און מיטן שפּאַלט אַפּן הינטן און דאַן וועט ער שוין ווערן אויס „זוועסטנער קופּלעטיסט פון מוזיק־כאָל"...

נאכן „קאָנצערט" לויפן פיר אייגעלעך ארום איבערן מענטשן־קרייַז, אזוינע ליבלעכע אייגעלעך, און בעטן באם אוילעם באַלוינונג פאַר זייער מי, פאַר זייער אָריגינעלער קונסט...

...און זיווע שנאָרעט. אָט מאַכט ער זיך פאַר א בלינדן און אָט פאַר א שטומען. אָדער פלוצים פאַרוואַרפט ער זיינע הענט אף הינטן און טרייסלט מיט זיי, ווי אין קאַדאָכעס... (עמעס גערעדט, האט זיווע דעם „טריוק" צוגעשלעפט בא סטיאָפּע טשיזשיק. יענער, אז ער מאַכט עס, באקומסטו א פולע אילויזיע, אז דאס גייט ארום א קאָנטוזשעטער... נאר טשיזשיק האט שוין אפילע מוירע צו זאגן זיווען וועגן דעם, ווייל ער ציטערט שרעקלעך פאר רודאָלפן...).

בא זיאמקען גייען די געשעפטן גארניט פויגלדיק. אזוי זאגט ער, אלנפאלס, דער קאָמונקע, נאר כעוורע גלויבט אים ניט. פאַר א קאַרגן האלט מען אים און מע שאַרפט אף אים א צאָן...

איינמאל נייט צו אים צו עפעס א יידענע (הערט אומיסטן א ציקאווע מייַסע) און הויבט אים אָן מיט א ראַכמאָנעס־פּאָנים פאַנאַנדערפרעגן וועמענס ער איז און פונוואנען קומט ער אַהער (ער איז איר מיסטאמע געפעלן געווארן אין שלייער, אָט א יאָלדיכע...).

זאגט איר זיאַמקע, אז ער איז פון ראָוונע (ס'איז אים גראדע אייַנגעפאלן ראָוונע, א נאפקעמינע?).

— אוי, פון ראָוונע? — האט אים ציטעריק איבערגעפרעגט די יידענע — וועמענס־זשע ביסטו? וויי איז מיר?..

— כאַסיעס שוואַרץ.

— אוי, כאַסיע שוואַרץ? — האט מיט אַ שטאַרקער הארצקלאַפּעניש איבערגעפרעגט די יידענע. — האב איך דאך געקאנט דייַן מאַמען, וויי איז מיר...

די יידענע האט פון בוזעם א פאַרשמוציקט נאָזטיכל ארויסגעשלעפט, פאָרזיכטיק עס פאַנאַנדערגעוויקלט, ארויסגעשלעפט פונדאָרט א גילדן און זיאַמקען דערלאנגט:

— נא, יינגעלע, אוי, ווינד איז מיר...

זיאַמקע האט א קוק געטאָן אף דער יידענע פון אונטן אַרויף, אַפן נאָזטיכל און דערזען דאָרט א פאַפירענעם רובל ליגן. די הענט האבן זיאַמקען אָנגעהויבן בייסן, האט ער זיך א קראַץ געטאָן, א ריס דאס טיכל פון אירע הענט און וואַיוורעך...

די יידענע איז אזוי געבליבן שטיין מיט צעשפרייטע הענט, ווי א דענקמאָל...

איז וואס טוט מען מיט געלט, האַ? — היידאַ אין קינאָשקע! געקויפט א ווייכן שטול און אָפגעזעסן פונעם ערשטן ביזן לעצטן סעאַנס. ניט געקוקט אפילע אף דער פילם (ווער דארף עס?), געשלאפן גאר! א מעכייע אין קינאָ צו שלאָפן!.. ס'איז פינצטער, די מוזיק שפילט און דו זיצט זיך אזוי אף דעם ווייכן שטול, אָנגעשפּאַרט אפן ווענטל און שלאָפסט... אך ס'ארא כייעס!.. און אזוי גיך ווי דער „שוסטער!" האט געדרייט די לענטע, האט זיך עפעס בא זיאַמקען אין קאָפּ געדרייט א כאָלעם, ניט קיין כאָלעם, נאר דערמאנונגען...

...אָט זעט ער זיין טאטן: רעב שלוימע, א מיטלוווקסיקער ייד, א דאַרער, א סוכאָטניק. זיאַמקע געדענקט, ווי די לעצטע טעג פאַרן טויט פלעגט זיין טאַטע וואַרעמען די ליפּ באם לאָמפּ. א קראַנקע ליפּ בא אים געווען, א מיעסע קרענק אזא, א „ראַק". דער טאַטע זיינער איז מיט דער ליפּ געפאָרן קיין קיעוו און קיין זשיטאָמיר און קיין דובנע און אומעטום האט מען אים געזאגט, אז ס'שוין אלץ פאַרפאלן...

און געטראפן האט זיך עס אלץ איבער א קליינעם צופאל: דער טאַטע האט זיך אוועקגעשטעלט אף א בענקל, קעדיי צו דערלאנגען דאס האלץ פון אויוון, האט זיך דאס בענקל א דריי געטאָן פון אונטער זיינע פיס, ער איז אַראפּגעפאלן צוזאמען מיטן האָלץ און שטאַרק פאַרביסן א ליפּ, אזוי פאַרביסן, אז ס'איז אים געווארן א לאָך אין דער אונטערשטער ליפּ, און דערנאך האבן שוין אלע דאָקטוירים געזאגט, אז ס'איז א „ראַק" און ס'איז שוין אלץ פאַרפאלן...

...ווען דער פאָטער האט געגויסעט, האט ער זיאַמקען צוגע־רופן צו זיך און אים אזוי געזאגט:

— זיאַמקעלע, זאלסט הערן וואס די מאַמע וועט דיר זאגן, און זאלסט פאָלגן די שוועסטער, זיאַמקע...

האט ער טאַקע די מאמען געפאלגט, נאר שפעטער האט זי אים אופגעהערט פאָלגן און גארנישט ניט געוואלט נעמען אין מויל... זיאַמקע איז דאן פון אינדערפרי ביז שפעט אינאָוונט געזעסן ווי א פאַרשטיינערטער אינדרויסן און געהאנדלט מיט „געזשאַרעטע" יאָדערן און קוים אונטערגעהאלטן מיט דעם זיין מאַמען, וואס האט געגויסעט אין שטוב פון הונגער, אוןביידע שוועסטער, וואס זיינען געלעגן אין שפיטאָל אף טיפוס, אין ביידע עקן פון שטאָט: איינע בא די מאָסקוועער טויערן, און די צווייטע בא די כערסאָנער טויערן... האט זיך די מאמע צוביסלעכווייז אָנגעהויבן אָפּזאגן פונעם טרוקן שטיקל ברויט, וואס זיאַמקע האט קוים פאַרדינט פאַרן טאָג, אין איז אויסגעגאנגען... דאס איז געווען דאַן, ווען דאס גאנצע לאנד האט געקרענקט אף דער טיפוס־קרענק, און איז אויסגעגאן פאַר א טרוקן שטיקל שקאָרקע...

און נאָך דערמאָנט זיך אים, זיאַמקען, אַז ווען ער איז נאָך גאָר א קלייניקער געווען, פלעג אים די מאַמע יעדן טאָג פאַרן שלאָפן פרעגן:

— זיאַמקעלע, עפשער ווילסטו פארן שלאָף אינדרויסן?

— ניין, מאַמע, — ענטפערט, ער איר.

— איז זע־זשע, זיאַמקעלע!..

און ווי נאָר זי זאָגט אים „זע־זשע זיאַמקעלע", כאַפּט ער זיך באַלד אוף. קיינער איז שוין טעאַטער ניטאָ. די וועכטער פאַר־שפאַרן שוין די טירן. ער גייט ניטווילנדיק אראָפּ פון שטול און טוט אַ קוק, איז דאָס אָרט נאַס... פיטש נאַס...

פע, זיאַמקע! פע זיוזע! סע ניט שיין...

און דערנאָך, ווען ער איז פון קינאָ ארויס, האָט ער אַף דעם איבעריקן געלט א „סאָטקע" געקויפט און אויסגעזשליאָקעט עס מיטאַמאָל, אזוי ווי א לויזע איי, אזוי — א זשליאָקע און

פּאַרטיק! — און איז אוועק אהיים, אין בודקע. דאס פּאָנים האָט באַ אים געפלאַקערט, פון מויל איז באַ אים שפּייַעכץ געדונגען, ווי באַ א בעהיימע... האָס מישקע שמיגע א בייזן בליק אף אים געווארפן און רודאָלף האט זיוזיען מיט זיינע ווייַסע אויגן אין די אָדערן א קיצל געטאָן:

— אופגעפרעסן אליין? אוך, דו פּאַסקודסטווע! ווארט, ווארט!..

ווייל שוין דאס וויפלטע מאָל, אז ווען זיאַמקע שנאָרעט עפּעס אויס, פארטרינקט ער עס באַלד און פארהולייעט עס טאָמיד אין קינאָ...

טרינקען האט ער זיך דאפקע אויסגעלערנט נאָך פּאַר דער קאָמונקע. גלייך נאָך זיין מאַמעס טויט, פלעג אים די באַלעבאָסטע פון שטוב, יעוודאָכע די סאַמאָהאָן-טרייַבערן, שטענדיק אויסנוצן, ער זאָל איר העלפן אביסל אין דער ארבעט: פאנאנדערגיסן דעם בראנפן פון איין פלאַש אין א צווייטער און מישן עס מיט דענאַ-טוראַט... און דאַן האט ער זיך שוין אביסל אויסגעלערנט „זופן" אויך... און אז די באַלעבאָסטע פלעג זיך אמאל באַ א הולקע שטארק אָנשיקערן, פלעג זי אריינגרופן זיאַמקען צו זיך און פּאַר אַלע געסט אין די אויגן געבן אים א פּאָר קאָפּיקעס:

— נאַ דיר, זיאַמקע, געלט און זאלן אלע זעען מייַן נאטור! גיי, זיאמעטשקע, און טו א קוק „וואנקאַ קליוטשניק". א סטראשנע זאַך, זאגט מען...

און אָפּט פלעג נאך יעוודאָכע באַ דער ארבעט פארציִען אזא לידעלע:

Жидовочка Хайка
Продавала Яйка...

און זיאַמקע פלעג איר אונטערהעלפן זינגען...

... ווען אלע האבן זיך שוין געלייגט שלאפן, ווען אלע האבן זיך שוין אייַנגעהילט אין דער קופּע אפּגעריסענע פון פאַרשיידענע פלאַקאַטן-בודקעס אפישן, האט דאַן זיוזיע דאס ערשטע מאָל דערזעען באַ רודאלפן דעם „פעדער" אונטערן גאַרטל... די

פינקע האט געפינקלט אינדערפינצטערניש און שטאַרק אנגע־שראָקן זיאמקען, אז ער האט א שטיק צייט ניט געקאָנט אנט־שלאָפן ווערן...

III

און אט רוקט זיך שוין אָן דער ווינטער, ווי דער בייזער דוואָרניק סטעפּאַן, וואס לאזט זיי קיינמאל ניט צורו... און דער ווינט בלאָזט!

נאָר שאַ! פּעסימיסטן, שאַ! ס׳איז דאָ אַן אויסוועג.

אין קעסל, אין אספאַלטקעסל איז וואַרעמער. אז מע ענדיקט די ארבעט, בלייבן נאָך גליִענדיקע קוילן, באזעצט זיך די גאנצע קאָמונקע ארום דעם קעסל און מע בלאָזט אף די קוילן און מע האַלט אונטער א גאנצע נאַכט דעם פייער מיט מייַסעס. מער פאר אַלע־מען דערציילט מישקע שמיגע. שמיגע ווייסט אזויפיל מייַסעס, אז קיינער פון דער קאָמונקע ווייסט אפילע קיין צענטכיילעך פון דעם, וואָרום ניט געקוקט אף זיינע דרייצן יאר׳, האט שוין שמיגע דורכ־געשקאַנדיבעט אף זיין הילצערנער פוס גאַנץ רוסלאַנד אינדער־ברייט און אינדערלענג פון סאַמאַרע ביז מצענסק, פון ראָסטאָוו ביז קאָנאָטאָפּ. פון טאַגאַנראָג ביז אומאַן און פון פאוואָלאָזשע ביז פיטער... שמיגע דערציילט וועגן וויַסע און וועגן רויטע, וועגן גרינע און וועגן דער אַטאַמאַנשע מאנקע „ווירווי גלאַז״, וועגן טראָצקין, וועגן פרונזען און וועגן נאָך און נאָך.

— שטיי איך מיר אזוי אף קורסקער וואָקזאַל אין מאָסקווע און קאָלופּע מיט דער פוס דעם דיל, גייט פארביַי טראָצקי. גיי איך צו און גיב אים אָפּ טשעסט. הויבט ער אוף די האנט, טראָצקי, און מאַכט:

— וואָלנאָ!

— ע, ער פונטיעט! — מאַכט זיוזיע — טראָצקי וועט אונדזער שקאַנדיבען אָפּגעבן טשעסט!

— ווער, איך פונטיע? — הויבט זיך שקאנדיבע אוף פון אָרט און שטורכעט זיאמקען מיט דער הילצערנער פוס אין זיַיט.

— ציך! מאכט רודאלף — אָסאַדי נאַ פליטואר!..

באַנאכט, ווען די גאנצע שטאָט רוט אין בלויען כאשכעס, פינקלט ערגעץ א פייערל אין אן אספאלטקעסל. דאס זיצט די קאָמונקע... הארבסט איז נאך ווי ס'ניט איז. הארבסט קאן מען נאך איבערשלאפן אין א מיסטקעסטל אדער גלאט ערגעץ אונ־טער א בריק... און ווינטער יאָגט דער ווינט פון גאס, שמייסט זיי איבערן האלבנאקעטן לײַב. נאר נישט געדײַגעט! עמעס, אין אספאלטקעסל איז שוין צופיל טשאדנע... אז די קאמונקע קריכט פונדאָרט ארויס, זעען זיי אויס נאך שווארצער פאר קוימענקערערס. דער געדיכטער רויך באדעקט דאס גאנצע לײַב און טריקנט עס אויס, פארדרייט זיי שרעקלעך די קאָפּ... דער־פאר קאָן מען זיך אבער דערלויבן אזאַ לוקסוס ווי „שׂאשליק״. דאס פלייש, וואס שקאנדיבע „ווישט״ אָפּ אין מארק, שטעקט מען עס אָן אף שפענדלעך און מע פרעגלט עס גוט צו... מיט וואס איז דאס א שלעכטער שאשליק?

נאר שווערע טעג זײַנען ווינטער. ע־כע־כע! דער ווינט בלאָזט, ברענט, יאָגט זיי פון קעסל ארויס. שווערע צייטן, ע־כע!

עמעס, דער לעצטער „שפרונג״ איז דורך ניט שלעכט. די גאנצע קאָמונקע האט זיך אויסגעשטעלט אף א ראָג און ווי נאר ס'איז דורך דער „פרײַער״, האבן זיי זיך א לאָז געטאן צו אים, שטיל, אן שוכער אפגעטאן זייער „ארבעט״, און גענומען רייסן נעגל, האט מען אבער זיוזיען געכאַפּט (אט א שלימאזל!..). אין מיליציע האט ער געשווירן, אז ער איז גאט די נעשאמע שולדיק, ער קאָן זיי אפילע קיינעם ניט (מיר ווייסן אייך, ברודערקע, געלערנטע שוין!..).

נאָר ווען מע האט אים אָפּגעשטעמפּלט די פינגער און ארײַנ־געשטופט אין א שמאָלן הויכן צימער מיט גרויסע גראטעס, האט ער זיך דערשראקן (אוך, פאכדן!..) און אוועקגעפירט דעם מי־ליוטיק אין קעסל. דערזעענדיק, אז זיוזיע גייט מיט א מיליוטיק צום קעסל, האט רודאָלף א קאָמאנדע געטאן:

— כעוורע פליטוי! *

און ער מיט מישקען זיינען געבליבן שטיין. ווען זיי האבן זיך שוין גאר דערנעענטערט, האט רודאלף ביין אַ קיצל געטאָן מיט זיינע ווייסע אויגן זיוזיען אין די אָדערן אריין, און באַ יענעם איז טייקעף א גליוועך דורכגעשווומען איבערן לייב, ווייל ער האט געזעען, אז בא רודאָלפן האט דער פעדער אונטערן גארטל גע־בלישטשעט מיט זודיקער סינע... און שקאַנדיבע איז באלד זיאַמקען אונטער די פיס אונטערגעפאַלן, זיאַמקע האט זיך איבער־געקערט מיט דעם קאָפּ אראָפּ, און אומזיסט האט דער מילטאן געפייפט, ווייל די קאָמונקע איז זיך שוין עט ווייט צעלאָפן.

פיו־י־ט!..

דאָ וועל איך פארענדיקן די געשיכטע פון דער „קאָמונקע פון פינף" און פארענדיקן וועל איך זי ניט ווייך און ניט סענטימענטאל, נאר אזוי ווי זי איז אין לעבן פאָרגעקומען.

ווען דעם מילטאָן איז שוין נימעס געוואָרן צו פייפן, האט ער דאס פייפל אין קעשענע אריינגעלייגט, זיך רעכט אויסגעזידלט, דערמאנט בעשאס־מייסע דעם גאנצן רעליגיעזן קלאפערגעצייג: גאט, גאָטס־מוטער און אלע מאלאָכים, א שפיי געטאָן און איז אוועק. און זיוזיע איז געבליבן שטיין אַן עלנטער נעבן דעם קעסל. בעשאַס־מייסע איז דורך א יינגל און געפלעמט א זעמל מיט ווורשט. זיאמקע איז דעם יינגל נאָכגעלאפן און אים געקוקט אין פאנים אריין; ער האט געטראכט, אז ער וואלט אויך געקאָנט יעדן טאג עסן א זעמל מיט ווורשט, ער וואלט אויך געקאָנט ארומגיין אזוי ריין און פיין, ווי יענץ יינגל, ווען... ער זאָל עפשער ניט פארלאָזן זיין היים, עפשער וואָלט אים די מומע זיינע גענומען צו זיך, געמאַכט פון אים א לייט. ער וואלט יעדן טאָג געשטאנען אין קלייטל, געהאנדלט מיט זייף, און דערנאך וואלט ער זיך ארופגעשלאָגן, געהאנדלט מיט פאפיראסן, און

---

* אנטלויף.

דערנאך וואָלט ער עפּשער אַליין געעפנט א קלייטל, גוט פאַרדינט און געטרונקען יעדן טאג קאַווע מיט בולקע. נאָר ניין! טאַקע זייער גוט, וואס ער האט פאַרלאָזט די שטוב, ווײַל זיין טאַטע איז אויך געווען א הענדלער, איז ער טאַקע אויסגעגאנגען פונעם קלייטל, א סוכאָטע געכאַפּט. זיאַמקע דערמאנט זיך איצט, אז דער טאַטע זיינער איז גארנישט געשטאָרבן איבער דער ליפּ, נאר איבער דער סוכאָטע...

... פונדערווייטנס האט אן ארקעסטער א שפּיל געטאן. זיאַמקע האט דערזעען א קאָלאָנע יוגנט. אַלע פעסטע יינגלעך און מיידלעך אנגעטאן אין בלויע טרוסיקעס מיט גרינע מײַקעס און ווייסע קעלנערלעך. אַלע — אזוי שיין געשפּאנט מיט איין טראָט. אין זייער גאנג האט מען נאר ארויסגעזען איין פוס, א שלאַנקע נאקעטע פוס מיט הארטע מוסקולען, און איין האַנט, א פעסטע האַנט האָט זיך באוועגט פאָרויס און צוריק אין א גלייכער ווירע:

— איינס צוויי, איינס צוויי!

זיאַמקע האט זיך א לאָז געטאָן צו דער קאָלאָנע, זיך געוואָלט שטעלן באַם סאַמע עק און שפּאַנען מיט זיי אינײנעם אונטער דער מוזיק, האלטן דעם קאָפּ פאָרויס, מאַכן מיט די הענט אזוי ווי זיי, איז אים אבער שקאַנדיבע דעם וועג פאַרלאָפן:

— זיר *, זיוזיע!

— שטיי!

זיאמקע לויפט.

— שטיי ניווזיק, אניט!..

זיאמקע האט זיך נאך מער געלאָזט לויפן, איז די גאנצע קאָמונקע אָנגעלאָפן, פארלאפן אים פון אַלע זייטן דעם וועג:

— שטיי בעסער, הערסט!..

... צוריקוועגס זיינען זיי אַלע געגאנגען פאמעלעך. זיאַמקע אין מיטן, די קאָמונקע פון אַלע פיר זייטן. אַלע פיר זיינען זיי אריין אין קעסל, זיך אויסגעזעצט, זיאַמקען אין מיטן אריינגעזעצט. זיוזיע

---

* זע!

האט אנגעשטרענגט זיינע לאנגע אויערן, ווי בּאַ א האָז, און זיך צוגעהערט צו די טריט פון סאקאָנע, זיי דערנעענטערן זיך צו אים, די טריט פון סאַקאָנע; גלייַך צום האלדז... רודאָלף האט א ווונק געטאָן צו מישקען. יענער האט זיך אופגעהויבן פון אָרט און שטרענג, אָפּגעהאקט, דורכגעלייענט דעם קורצן אורטייל:

— נו, בּרודערקע, הייַנט איז דיר קאַפּוט!..

און בּאַ די ווערטער האט זיאַמקע דאס לעצטע מאָל דערזען בּא רודאלפן דעם פעדער אונטערן גאַרטל. ער האט זיך פון ארט ניט געקענט רירן. געזעסן ווי אין א מייַזקעסטל. ארום אים פיר קעץ מיט גלאַנצנדיקע אויגן, ווי פינקעס.

דער קרייַז האט זיך מיטאמאָל פארבּרייטערט, דערנאך ענג פארשמעלערט, איינגאַנצן פארשטעלט זיאַמקען, ער האט אפילע קיין פּיפּס ניט געטאן...

... און ווען די ארבּעטער זיינען אף מארגן גאנצפרי געקומען צו דער ארבּעט, האבּן זיי געפונען אין מיטן קעסל ליגן א דער־שטיקט יאטל. דער האלדז איז בּא אים שטארק געווען פארצויגן מיט א רימען און אין מויל האט בּא אים אן אפּיש געשטעקט. דאס איז זיוזיע געווען. די קאמונקע האט זיך מיט אים אַזוי צע־רעכנט פאר אלע זיינע „כאטאָים”, דערפאר, וואס ער האט ניט געקענט לעבּן אין א „קאמונקע” און האט פאַראטן זיינע כאַ־ווירים...

און פונדאן אָן איז געווארן אויס קאמונקע...

... און איצט, ווען איך גיי דורך די שטילע גאס, שטעל איך זיך טאָמיד אָפּ אפן ראָג, בּא דער טומבּע, דאָרט, ווו די קאמונקע האט געלעבּט, און קוק לאנג פארטרוימט אף איר. נאר די טומבּע איז שוין ארום און געדיכט באקלעפּט מיט אפישן...

אבּער איך שטיי נאך אלץ א שטיק צייט און קוק אף דער טומבּע און סע דערמאנט זיך מיר די מייַסע פון דער „קאמונקע פון פינף”, פון יענע, שווערע, פארגאנגענע יארן...

אפּריל, 1928 י.

# א דערציילונג וועגן א קוטשמע

געווידמעט זיך אליין.

אף דער רוישיקער יעקאַטערינאָסלאַווער גאס האט מיר א פּאָרוואָרלאזט יאַטל אונטערגעשטעלט א פיסל:

— וואס, דערקענסט ניט?

כ'האב אים דערקענט. דאס איז מײַן כאַווער כאַימקע שוסטריק. אין די הונגעריאָרן האבן מיר ביידע ארומגעוואנדרעוועט אין די וואַגאָנען־אונטערקעסטלעך.

מיר זײַנען געווען אין לאָזאַוואַיאַ און אין מאָסקווע, אין ריבינסק און אין קיִעוו, אין כאַרקאָוו און אין טאַמבאָוו. וואס אויסגעשנאָרעט — געטיילט זיך אפּדערהאלב. וואס צוגעשלעפּט — איניינעם געהוליעט. קלעפּ אויך באַקומען צוזאַמען...

מיר האבן זיך אָפּגעשטעלט באַ א גרויסער גאָרקיך און זיך אָנגעשפּאַרט אף דער וויטרינע. אַפּן דיקן גלאָז האט זיך אָפּגעשפּיגלט זײַן שפּילעוודיקער פּאָנים מיט די קליינע, קאָסע, כינעזישע אייגעלעך און קוטשמע געקרײַזלטע האָר. א קאָסטיום האט ער געטראָגן אַן עקסצענטרישן מיט אַן אויסגעהאלטענער סימעטריע. איר זאָלט ניט מיינען, מײַנע לעזער, אז צוליב קונסט האט ער געטראָגן אזא קאָסטיום. ניין, ס'איז פּאָשעט אזוי צונויפּגעפאלן, אז ס'האבן זיך באַ אים צעטרענט ביידע פּאַכוועס מיט איינמאָל. און דאס, וואס ער איז געגאן מיט איין קורצערן אַרבל און מיט איין לענגערן הויז, איז עס עפּשער דערפאַר, ווײַל ס'איז געווען זומער. ס'איז הייס, פאַרשטייט איר מיר...

אף מײַן פראַגע, ווי אזוי לעבט זיך אים, האט ער אויסגעשאָסן:

— א שליוכע זאָל איך זײַן, אויב סע מיר שלעכט! גאנץ עסעסעריע בין איך אויסגעפאָרן. אפילע באַ לענינען אין מאָווזאָליי געווען, וו־וואָ!

ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן מיט בײדע הענט אין בײדע פּאַכוועס און אַ שפּײַ געטאָן דורך די צײן אין אַ זײַט:

— מײנסטו, כ'עס אַוואַדע גאָרנישט? כ'האָב קײן גראָשן געלט נישט? פֿײַגן דיר מיט מאָן, אָט! — אילוסטרירט זײַנע רײד האָט ער מיט צונױפֿגעפּלאָכטענע צװײ מיט אַ האַלבן פֿינגער און צוגעטראָגן מיר די מאַטאָנע צו דער נאָז — וו־וו־אָ־אָ!

אָבער באַלד האָט זיך אויף זײַן פּנים אויסגעגאָסן אַ טרויעריקע מינע, די שפּילעוודיקײט איז אָפּגעשוווּמען, די אײגעלעך האָבן זיך אין דער ערד אײַנגעגראָבן.

כ'האָב דערפֿילט, אַז ער האָט מיר עפּעס געוואָלט איבערגעבן אַ טיפֿן אײַנדרוק פֿון זײַן לעבן, וואָס האָט אים אַ שטיק צײַט געשטיקט.

— אַזוי ווי מײַן מוטער איז געשטאָרבן, איז, דאַכט זיך, קײן אײן מענטש נישט געשטאָרבן. דאָס איז נאָך גאָרנישט, וואָס פֿון הונגער. — ווינציק מענטשן זײַנען דען דאָן פֿון הונגער אויסגעגאַן? זי איז געשטאָרבן אַ פֿאַרשאָטענע פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט לײַז, ווי אַ וואָרצל פֿון אַ דעמב איז באַשאָטן מיט מורעשקעס... פֿון איר האָט געעקלט און געשטונקען, ווי פֿון אַ געפֿײגערטער קליאַטשע... און ווען ס'זײַנען געקומען די אַלטיטשקע טאַכריכים־נײטערקעס אין זײערע ווײַסע טשיפּקעס, האָט זיך מיר דאַן געוואָלט אַ געשרײ טאָן אויף זײ:

— הײ, באָבעס, טשעפּעט נישט מײַן מאַמען! מע קאָן זי אַזאַ לײַזיקע אָן ווײַסע מאַטיעס אין גרוב אַרײַנוואַרפֿן...

— אַפֿן אַנדערן טאָג, געדענק איך, איז געקומען אַ מענטש אין אַן אָפּגעריבענער לעדערנער קורטקע, אַ כאַפּ געטאָן דעם לײַזיקן מעס אויף די פּלײצעס, ווי אַ טרעגער אַ קאַסטן, און אַרײַנגעוואָרפֿן אים אין אַ שליטן, ווו ס'זײַנען געלעגן נאָך צענדליקער מײסים, באַדעקט מיט אײן ראָגאָזשע. אַפֿן בײסוילעם האָט מען זײ אַלע אַרײַנגעוואָרפֿן אין אײן גרויסער און טיפֿער גרוב...

און ווען ער האָט שוין מיר דערצײלט דאָס סאַמע אָנגעווײטיקסטע פֿון זײַן לעבן, האָט זײַן פּנים זיך ווידער צעשפּילט, די

קאָסע אייגעלעך זײַנען זיך צעלאָפּן אין אַלע זײַטן, און ער האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט איבער דער פּלייצע:

— ברענט עס אַלץ אַפּן פײַער! וואָס געווען, וועט שוין, ברו־דערקע, מער ניט זיין! עמעס זאָג איך?

און ער האָט מיר גענומען פאָרזעצן:

— זומער, ברודערקע, איז מיר לאַ־פּא!*, בעסער דאַרף איך ניט! איך לויף מיר אַרום איבערן מאַרק מיט מײַן שטעקעלע און כ׳וויים פון גאָרניט. אַפּן שפּיץ פון שטעקעלע האָב איך אַרופגע־קלאַפּט אַ דין צוועקל, קעדיי איך זאָל קאָנען פלינקער אָפּציִען פון די פורן און אַפּילע פון די טישלעך אויך... איך דאַרף זיך גאָר לאַנג ניט מאַטערן אַף דעם, ווי פיש פאַנג איך עס, נישט ווי־איך גאַנווע גאָר, וו־וו־אָ!

נאָר איינמאָל האָבן מיך הענדלערקעס געפּאַקט, ווען כ׳האָב בא איינער צוגעשלעפּט פון דער סקאָוואָראָדע אַ הייסן קאָטליעט פון פּערדנפליישׁ. האָבן זיי זיך אַלע אַרופגעוואָרפן אַף מיר און גע־נומען קנייפּן און שלאָגן מיט וואָס ס׳איז נאָר צו דער האַנט גע־קומען. די הענדלערקע האָט אַרויסגעריסן בא מיר דעם קאָטליעט און צעמאַזשעט מיר די גאַנצע צורע, אַזוי, אַז איך בין דערנאָך עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָפּגעבריִטן פּאָנים...

און אַזוי יעדן טאָג: אין קעשעניע קיין גראָשן געלט ניטאָ, אַפּן לײַב — בלויע פּאַסן, און אונטער די אויגן — גרויסע „לאַמטערנס"...

האָב איך געביטן מײַן „פּראָפעסיע" אַף אַ טרעגער. כ׳פלעג אונטערטראָגן פון מאַרק די יידענעס זייערע קאָשיקעס מיט ציבע־לעס, קאַרטאָפל און בורעקעס, און זיי פלעגן מיר דערפאַר באַ־צאָלן. אייניקע ווייכהערציקע פלעגן מיר נאָך אַרײַנפירן צו זיך אין שטוב און געבן עפּעס אָפּעסן. פלעג איך זיי טאַקע שטענדיק באַ־דאַנקען דערפאַר און טאָמיד עפּעס צושלעפּן אין פּעדערצימער...

אָבער איינער אַ יידענע בין איך זייער געפעלן געוואָרן. אָט, יאָלקי פּאַלקי!

---

* לאַפּא — אויסגעצייכנט.

האט זי מיר עס געגומען בעטן:

— קום אריין צו מיר אַפּטער, יינגעלע!..

פלעג איך קומען צו איר „צו גאַסט" (דאס הייסט, אָפּאַכלען און אוועקגיין...).

זאָגט זי מיר איינמאָל:

— כאַימקע — זאגט זי — אופגייען דיר א פּאָר הויזן?

— נייט, — זאג איך איר, — פּארוואָס ניט? (עס קאָסט מיר עפּעס?) — נאָר אויב איר זייט שוין יאָ אזא ווילע מומע, — מאַך איך צו איר (ווי געפעלט דיר די מומע, אָט, יאָלקי פּאלקי!) — טאָ בעט איך אייך, נייט מיר שוין אוף א פּאָר „קליאָש" מיט צוויי קעשענעס פונפאָרנט...

האט זי מיר טאקע אופגענייט. אָט, יאָלקי פּאַלקי! נאָר פון עפּעס אַן אלטער קאָלדרע...

בין איך מיר ארומגעגאנגען אין מיינע נייע „קליאָש", די הענט אין די קעשענעס, ווי א מאַטראָס!

איינמאָל האט זי מיך אליין אין שטוב איבערגעלאָזט, כ'טו זיך א קוק ארום און כ'זע א שיינע ווינטערדיקע היטל אַפן הענגער, א קוטשמע! איז וואָס? לאַנג קוקן, וועלן נאָך די אויגן אָנהויבן ווייטאָן... האב איך טאקע לאַנג ניט געקוקט! א כאפּ געטאָן די קוטשמע אין בוזעם אריין און גענומען די פיס אף די פלייצעס...

אין הויף האט מיך באגעגנט איר שאָכן און ליבלעך אָפּגעשטעלט:

— ווהין לויפסטו עס אזוי, כאַימקע?

— אזוי...

עפּעס האט ער אָנגעהויבן צופיל זשמורען מיט די אויגן און אויסגעגלאָנצט אף מיר זיינע פיר אויגאַנעס (ער איז געגאן אין ברילן איז ער געגאן).

— וואס איז בא דיר אין בוזעם, כאַימקע?

— ?! —

און פלינק הינטערן טויער, ווי א קאַץ, ווען שקאָצים יאָגן זיך נאָך איר און ווילן איר עפּעס אָפּטאָן א שפּיצל.

ער — נאָך מיר:

— כאַפּט אים!!!

נו, האט מען מיך געכאפּט! איז מיינסטו, עפּעס געטאן? זאָל נאָר עמעצער מיר כאָטש א פינגער פּרוּוון א ריר טאָן... נאָר זי, די פּירוֹיגיקע מאַלפּע, דער שאָכן אירער, האט מיך באַליידיקט ביז טויט.

— כאוּוער מיליציָאָנער, — מאכט די מאַלפּע. — נעמט בא אים אָפּ די קוטשמע און טשעפּעט אים ניט, ווייל דאס איז דאָך א קראנק קינד, א דעפעקטיווער. ער איז קראנק אָפּן קלעפּ־טאָ־מא־ני־ע, איר פארשטייט? — און אויסגעגלאָנצט זיינע פיר אויגאנעס...

האָב איך עס א כאַפּ געטאן א שטיין און געטראָפן אין אלע זיינע פיר אויגן:

— דו ביסט גיכער דעפעקטיוו, איידער איך, פּירוֹיגיקע מאלפּע...

קיינער האט מיך ניט געכאפּט. אָבער איך וועל אים יאָ כאַפּן. כ׳וועל אים דערהארגענען אָפּן אָרט! א שליוכע וועל איך זיין, אויב איך וועל אים ניט דערהארגענען! א קראנק קינד, א דעפעקטיווער... אין זיין מאמען אריַין...

כ׳האָב ניט באַוויזן זיך ארומצוקוקן, איז שוין דער העלד פון מײַן דערציילונג, מײַן אַמאָליקער גוטערברודער כאַימקע שוסטריק, געזעסן אף א בופער פון טראַמוויַי און ס׳האט אים געטראָגן צום רוישיקן וואָקזאַל.

1927 י.

# א י ן  ק ל ו י ס ט ע ר ־ ה ו י ף.

I

באַ לייבל פּינקעס האָט מען היינט פאַרפרי צוגעגאַנווועט די קאָלדרע. ער איז געשלאָפן און מע האָט צוגעשלעפּט. פּאַשעט אַראָפּגעשלעפּט און פאַרטיק.

איז וואָס זאָל ער טאָן?

שרײַען?

קלאָגן?

בעטן, אַרויסרופן „כיקסן״?

עס וועט שוין סײַווי גאָרניט ניט העלפן. די קאָלדרע איז שוין פונלאַנג אַוועקגעפלויגן.

אַזוי: —

זיך צונויפגעדרייט אין אַ פּעקל, צוגעטוליעט זיך צו עמעצן אונטערן אָרעם און הײַדאַ אין מאַרק אַרײַן...

... נאָר לייבל האָט, דאַכט זיך, באַנאַכט גרישקען געזען אין זײַן שלאָפצימער.

דער דוואָרניק לעקסיי איז שוין אויף די פיס. הײַנט דאַרף מען גוט ריין מאַכן דעם הויף, ווײַל באַנאַכט איז דאָ יאָנטעוו. מע וועט באַגעגענען דאָס נײַ־יאָר.

לעקסיי טראָגט אַ פּאָר ברייטע לעדערנע הענטשעס, אַ גרויסע, ווײַסע קוטשמע, און זײַן דאַרער גוף איז טאָמיד אין אַ קליין זעקענעם פאַרטעכל פאַרצויגן. בעשאַס ער ווערט מיד פון קערן, שלעפּט ער אַרויס פון בוזעם אַ ברודנע זעקעלע מאַכאָרקע, פאַר־דרייט זיך אַ טרײַבל פון צײַטונגס־פּאַפּיר און רויכערט זיך גאַנץ געלאַסן און רויִק, ווי אַ פאַבריק־דירעקטער באַ זיך אין קאַבינעט...

דער הויף איז לאַנג און ברייט, ווי א קאַזאַרמע־הויף, ס׳שטייען בלויז א פּאָר עפּלביימער אינמיטן, ווי געזויקערטע, אַלטיטשקע. לעקסיי באקוקט דורך איין פאַרזשמורעט אייגל דעם גאנצן הויף און לאָזט בעשאַס־מייַסע קנוילן געדיכטע רויך פון זיין פּאַפּירענעם טרייַבל... ער קוקט אזוי לאַנג, ביז דאס שטיקל ברענענדיק פּאַפּירל טוט אים א ברי אין פינגער. דאַן גיט ער עס א שלייַדער אין דער ערד און נעמט זיך פאר זיין לאַנגן בעזעם פון האַרטע ריטלעך געמאַכט.

צוויי מויערן שטייען אין הויף.

איינער — א ברייטער, א פירשטאָקיקער מיט אָן א שיר פענצטער און מיט א רויטער פּאָן אפן שפּיץ דאַך, וועלכער איז נאָך בעיערושע מיט א רונדן קופּאָל געשוואָלן. דאָ איז אמאָל געווען א שול, א קלויסטער־שול, וואס האט דערצויגן פּראַוואָסלאַווישע זינדעלעך אפן היילינקן „זאַקאָנבאָזשי״ און נאָך פאַר דעם האבן דאָ מאָנאַשקעס געוווינט און געפירט א געטלעכן לעבן פול מיט פאַרבאָרגענעם זנוס און רעכילעס... און איצט וווינען דאָרט דרייַ הונדערט יוגנטלעכע פון קאַלטן סיביר, פון וואַרעמען סימפּעראָפּל, פון פרייַלעכן קורסק, פון טויבן גלוכאָוו, פון שוואַרצן באקו, פון וויַסן בעלגאָראָד...

דער צווייטער מויער איז א רונדער, מיט א גרויסער קייַלעכיקער אָפּגעקראָכענער קאָפּ און לאַנגן שפּיץ...

א שאָכן.

א פאַרביסענער שאָכן מיט א הייזעריקער גלאָק־שטים, וואס גרילצט אָפט איבער דער פאָרשטאָט און פאַרבעט צו זיך מענטשן... נאָר מענטשן קומען אהער זייער זעלטן...

ווען פון איין מויער צעהילכט זיך איבערן הויף מונטער און קלינגעוודיק:

... מיר זייַנען די יונגע גוואַרדיע...

כריפּעט פונעם צווייטן:

... בים־באָם! בים־באָם־באָם!..

און אָט איז ער — דער גאַלעך איִלאַריִאָן מיט די בּלויע גרויסע בּרילן (גאַנצע שפּאַקולן), ווי בּאַ אַ סאָווע. אָט דאָ צוויי טריט פון קלויסטער איז זיין שטיבל — אַ הויקערל מיט ווייַסע געהאַפטע פירהענגלעך אף די פענצטער און גרויסע שוואַרצע „געטער" אף די ווענט... דער גאַלעך איִלאַריִאָן איז אַ גראָבער מיט לאַנגע האָר בּיז דער פּלייצע (כּאָטש נעם און פּאַרפלעכט אַ צאָפּ), טונקעלע אויגן און אַ געל געשוואָלן קלעפּיק פּאָנים... (בּרודנע האָניק).

די איין און איינציקע האָפענונג זייַנע — פּראָסקע, אָט די בּלאָנדע בּלאָוויגיקע פּראָסקע, וואָס רייַסט זיך אַזוי אַהין, צו די פרייליכע הויף־שכיינים, נאָר דער גאַלעך איִלאַריִאָן האַלט די לייצעס ווי אַ געניטער פורמאַן...

II

גרישקע טשאָרני איז געקומען פון דעפּאָ. אַ גאַנצן טאָג איז ער מיט נאָך אַרבּעטער געלעגן אונטער אַ לאָקאָמאָטיוו און אויסגעגלייַכט דער מאַשין די זייַטן. עפּעס האָט זיך מיטן לאָקאָמאָטיוו אינמיטן וועג געטראָפן (אַ ראָד אויסגעוויכעט און זיך ספּאָטיקעט). האָט מען אים קוים אופגעהויבן און געבראַכט צו שלעפּן אין דעפּאָ אַרייַן. טשאָרני האָט זיך אַפילע ניט בּאַוויזן אַרומוואַשן נאָך דער אַרבּעט, און איז גלייַך אַוועקגעלאָפן אַהיים. ער איז אַרייַנגעלאָפן צו זיך אין שלאָפצימער, אָפּגעוואַשן אַבּיסל פון זיך דעם בּרוד און אַוועקגעלאָפן אין קלוב.

— גרישקע, דו מוזט אומבּאַדינגט קריגן צום הייַנטיקן אָוונט אַן אָרקעסטער — האָט אים בּאַגעגנט דער פּאַרוואַלטער פון קלוב — ליאָנקע שפּאַק, אַ מיטלוווקסיקער בּאָכער פון יוגנטהויז מיט האַלבּקייַלעכיקע פּיס, געפּאַקטן קערפּער, רונדן פּאָנים מיט אַ פּלאַטשיקער נאָז, ווי עמעצער וואָלט אים זי צוגעקוועטשט; מיט צוויי זשוואַווע אייגעלעך, דער קאָליר פון שוואַרצער טמאָראָדינע.

— געמאַכט! — האָט ער געענטפערט, און פלינק זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער פּאַרענטשע.

לייבל איז געקומען פון סטאָלאָווקע. א גאנצן טאָג לויפט ער ארום א פאַרסאָפּעטער פון איין טישל צום צווייטן און טראָגט יעדער ווײַלע פאנאַנדער פולע טאַצן מיט הייסן געקעכץ. דער פּאַר פונעם געקעכץ קריכט אים אין פּאָנים אריַין, פאַרקריכט אים אין די געדיכטע קודלעס. דאס געקעכץ, וואס ער אליין טראָגט פאַנאַנדער, איז טאָמיד אים פריקרע, ווײַל ער זעט יעדן טאָג, ווי צענדליקער גראָבע קעכערס טאַפּן איבער מיט די הענט דאס פלייש פון די קעסלען און שטשיפּען מיט די פאַרשמאָלצענע פינגער שטיקלעך אַף צו פארזוכן.

לייבל איז געקומען פון סטאָלאָווקע און זיך א ווידער אריַינגעוואָרפן אין בעט. אָפּגערוט א האלבע שאָ, האט ער זיך ארומגעוואַשן מיט שמעקנדיקער זייף, איבערגעטאָן די אויבערשטע קליידער, באשפריצט דאָס פּאָנים און די האָר מיט אָדעקאָלאָן, צוגעגלעט דעם שרונט און זיך געזעצט קוקן אין פענצטער.

פראָסקע איז געזעסן בא זיך אף די טרעפּלעך.

— פראָסיאַ!

— האַ?

— קום אהער!

פראָסקע איז געלאָפן צו לייבלען. אפן וועג זיך מיט גרישקען אָנגעשטויסן.

— טסס...

— מיך?

— אייך... אייך... וואהין לויפט איר עס אזוי?

— אזוי זיך...

גרישקע האט אָנגענומען זי בא א האַנט:

— ועסט הײַנט זיין בא אונדז אפן אָוונט?

— כ'ווייס?.. מיסטאָמע, יאָ...

לייבל האט אין שויב א דרויב אויסגעקלאַפּט:

— פראָסיאַ!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין יוגנטהויז האט מען באַגעגנט דאס נײַע יאָר. פונקט צוועלף אַזייגער באנאַכט האט זיך צעעפנט דער פאָרהאַנג און אף דער

בינע איז פון אויבן א גרויסער קאסטן אראָפּגעפלויגן. דער קאַסטן האט זיך אליין צעעפנט און פונדאָרט איז ארויס א יונגער מאַלעך מיט ווײַסע געקרײַזלטע האָר, באַפּוצט מיט רויטע פאַסן און יאָלקע־צווײַגן. דער מאַלעך האט אויסגעשטרעקט פונעם ברייטן אַרבל זיין נאַקעטע האַנט און האט געזאָגט:

— כאַוויירים! פאַראַיאָרן, האט נאָך אין אונדזער יוגנטהויז געהערשט שיקרעס, כוליגאַנערײַ, צעלאָזנקייט, און איצט, פונעם נײַעם יאָר, טאָר זיך עס מער ניט איבערכאַזערן. הוראַ!

— הוראַ! — האט דער גאנצער זאַל אָפּגעהילכט. — זאָל לעבן!..

און דער מאַלעך איז צוריק אין קאַסטן ארײַנגעקראָכן. דער קאַסטן האט זיך פּאַמעלעך אליין אופגעהויבן אינדערהויך און איז באַלד פארשוווּנדן געוואָרן אין די „וועלדער" פון דער בינע. און פונדאָרט איז ארויסגעקראָכן ליאָנקע שפּאַק. מאַכמעס קיינער האט ניט געוואלט שפּילן די ראָל פונעם מאַלעך, האָט עס געמוזט אויספירן דער פּארוואַלטער פון קלוב אַליין. און טייקעף נאָך דעם האבן זיך אָנגעהויבן די לאַנגדערוואַרטעטע „טענץ ביז פאַרטאָג".

איבערן ברייטן זאַל האבן זיך פּאָרלעך געדרייט: בויגיקע ייִנגלשע קערפּערס מיט מיידלשער שלאַנקייט. און אין סאַמע ווינקל, דאָרט, ווו די פּיאַנע שטייט, האבן זיך עטלעכע כעוורע אויסגעשטעלט אין איין לאַנגער שורע, איינער דעם צווייטן געהאַלטן מיט די הענט פאר דער פּלייצע, און, שטייענדיק אפן אָרט, האט די לאַנגע שורע אויסגעקלאַפּט מיט די פּיס דעם באַליבטן טשע־טשאָטקע־טאַנץ.

און גרישקע האט זיך ווי א וויכער ארומגעדרייט מיט פּראָסקען איבערן זאַל אין א וואַלס, געקוקט איר בעשאַס־מײַסע אין די אויגן ארײַן און געשמייכלט:

— פּראָסיאַ! עס געפעלט מיר מיט דיר צו טאַנצן...

פּראָסקעס בלאָנדע האָר האבן זיך צעשויבערט פון דעם גע־שווינדסטן טעמפּ און זיך צעשאָטן אף איר ווײַסער בלוזע. לייבל איז געזעסן אף שפּילקעס...

III

ווען דער קלויסטער שטייט ווי א שטומע, קאַלטע מאַציייווע אינעם טונקעלן פאַרנאַכט־נעפּל, זיצט דער גאַלעך איליאַריאָן אין שטוב. און פראָסקע זיצט אויך אין שטוב. דער געניטער פורמאַן האַלט די לייצעס ווי עס באַדאַרף צו זיין. און ווען דער קלויסטער צעהוסט זיך, ווי א סוכאָטניק, מיט זיין טרוקענער, הייזעריקער שטים (בים, באָם! בים, באָם!..) איז שוין דער גאַלעך איליאַריאָן דאָרט מיט זיין ווייך־געמאַכטער, געטלעכער, גוטמוטיקער מינע:

— זאָל אייך גאָט העלפן...

... דער גאַלעך איליאַריאָן שפּאַנט פאָרויס אין זיין יאָנטעוודיקער ריזע. פונפאָרנט איז בא אים אף דער ריזע אויסגענייט מיט גאָלדענע פאָדעם א גרויסער ציילעם, אף וועלכן ס'איז אויסגעקריצט די פיגור פון ליידנדיקן יעזוס־קריסטוס. נאָך אים גייט דער פליכעוואַטער דיאַקאָן אנאַני און טראָגט א גרויסן מעשענעם ציילעם. דערנאָך גייען זיינע צוויי באַהעלפער — פעאָקסטיט און איפּאָכאָנדרי — און טראָגן גרויסע לייוונטענע פאָנען, וואס אף זיי זיינען אויסגענייט די הייליקע מאַריע און דער הייליקער פּיאָטער. פונהינטן זיי גייען די „גווירים" פון פאָרשטאָט: דער אומקאָנקורענטנער הענדלער פון אייז־קריעם — איוואַן קוזמיטש טידאָראָוו, וואס איז דאָ באַוווּסט אונטערן צונאָמען „אָדעסאַ־מאַמאַ", ליובאָוו אנדרייעוונאַ סערביטשענקאָ, די עלטסטע פישהענדלערן אין מאַרק (א גראָבע פרוי מיט אַ לאַנגן גוידער, ווי בא א בעהיימע), וואס מע רופט זי דאָ האָרילאָוונע (פון וואָרט „האָרילאַ") און אנדערע „באַלעבאַטים". דערנאָך שלעפּן זיך נאָך אַלטיטשקע מיט דינע כיילעוולעכטלעך אין די הענט.

די „פּראָצעסיע" שפּאַנט אזוי עטלעכע מאָל ארום דעם קלויסטער, דערנאָך — ארום דעם קלויסטער־געסל און פאַרקערעוועט צוריק אין אָפּגעבליאַקעוועטן „כראַם־באָזשי"...

... פראָסקע זיצט בעשאַס־מייסע אין יונגטהויז מיט לייבלען...

אליין איז לייבל פון א קאָלאָניע. געפּאַשעט די פערד בא זיין זיידן. און ווען דער זיידע איז געשטאָרבן, האט דער הונגער לייבלען געטריבן אין די הײַזער, און פון די הײַזער האט עס אים שוין פאַרטראָגן צו ווײַטע שמוציקע וואָקזאַלן, באגלײַך מיט אלע איבעריקע כעוורע, וואס לעבן דאָ. ער זעט אויס, לייבל, ווי א לענגלעך, פוסט פעסל. א פראַנט א גאנצער! ער האט זייער ליב אײַנקופן זיך די בעסטע זייף און פודער. אײַ, האט ער דאס ליב! באזונדערס, שפּיגלען זיך אין זיין קײַלעכדיק שפּיגעלע, שמירן די האָר מיט אָדעקאָלאָן און גלעטן דעם שרונט. דער יונגנטהויז איז זיין אָוונט־היים. באטאָג איז ער א קעלנער אין סטאָלאָווקע, און פראָסקע... איז פראָסקע. א קנאַפּער רעדנער, לייבל, נאָר אין זיין שוויַיגן פילט זיך, אז ער האַלט פון זיך א וועלט.

פון זיך און פון פראָסקען.

באנאַכט האט א געדיכטער זילבערנער שניי געשאָטן און מיט ווײַסן סאַמעט דעם הויף באדעקט... דער קלויסטער האט זיך איצט נאָך מער אויסגעצויגן און שטייט ווי א געקרײַצטער, מיט אן אנטבלויזטער מעשענער ברוסט און אײַנגעבויגענעם שפּיץ, ווי ער וואָלט געבעטן באם אויבערשטן מאַזל און האַצלאָכע... די צוויי געהויקערטע עפּלביימער האבן אײַנגעדרימלט מיט זייערע אַראָפּגעלאָזטע צווײַגן אף אראָפּ, און דעם גאלעכס שטיבל האט זיך אונטערן שניי נאָך מער אײַנגעהויקערט און שטייט ווי יענער עלנטער בעטלער, וואס טרעט קיינמאָל ניט אָפּ פון דער קלויס־טער־טיר...

גרישקע טשאָרני האט זיך פון בעט אופגעכאַפּט. אָט טאַקע פונקט אין דער צייט, ווען אלע און אלץ שלאָפט, איז זיין צייט אופצושטיין, ווײַל אזוי האט מען זיך פון לעכאַטליכע אָן צונויפ־גערעדט. גרישקע באקוקט מיט פארשלאָפענע אויגן דעם שלאָפ־צימער, צי האט זיך כאָלילע עמעצער פון זיין שאָרך ניט אופגע־כאַפּט, קריכט ארונטער די בעטן, פאָרקעט זיך אין די קאָרזינעס, שלעפּט ארויס פונדאָרט עטלעכע פאָר נײַע שטיוול און אנצוגן

און פארשווינדט... דערנאָך קערט ער זיך באלד ווידער אום א ליידיקער און פארהילט זיך אונטער דער קאָלדרע...

ווי נאָר דער פאַרפרי קלאַפּט אָן מיט בראַנדיקן פראָסט אין די שויבן אריין, גיבן זיך אלע כעוורע פון די בעטן א הויב אוף, לויפן גיך צום קראַן און מע טוט זיך א לאָז צום טראַמוויי, וואָרום דער טראַמוויי קאָן די גאנצע פאָרשטאָט אין איין וואַגאָן ניט אריינעמען, מוז מען לאַנג אפן פראָסט שטיין און ארויסקוקן אף אים...

דאס גאנצע הויז איז שוין אף די פיס, און טייקעף איז אין אלע שלאָפצימערס פוסט געוואָרן. אלע זיינען זיך צעלאָפן: ווער אין פאַבריק, און ווער אין זאַוואָד, ווער אין אנשטאַלט און ווער אין שול. נאָר עטלעכע יאַטן, ארבעטלאָזע, זיינען שלאָפן געבליבן...

גרישקע איז מיט אלעמען גלייך אוועקגעלאָפן צום טראַמוויי, און ווי נאָר כעוורע האָבן דעם וואַגאָן פון אלע זייטן באקלעפּט, איז ער טייקעף אוועק אין אן אנדער זייט און פארשווונדן ערגעץ אין א קרום געסל...

טשאָרני יאַטרעט דאָ אין יוגנטהויז, ווי א מיִעסע קרעציקע ווונד, נאָר קיינער ווייסט עס ניט. איין מענטש, דער כאַווער מאָזשעיסקי, דער הויכוווקסיקער פאַרוואַלטער מיט די ברייטע גאַליפע הויזן און נאַהאַן אין קעשענע, וואס איז אים נאָך פארבליבן בעיערושע פון בירגערקריג,— ער איינער ווייסט, אז טשאָרני האט שוין עטלעכע יאַטן באגאַנוועט; ער ווייסט, אז טשאָרני האט פארבינדונג מיט נאָך גאַנאָווים און פארפלעקט דאס הויז און פארמיִעסט עס...

טשאָרני איז א שוואַכער, מיטלוווקסיקער באָכער מיט בלאָנדע שיטערע ברעמען און שראַם אף דער רעכטער באַק. אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע, איז ער ניט קיין געזונטער באָכער, מיט א געלן פּאָנים. אבער דאָך האבן אלע דערעכערעץ פאר אים.

שוין עטלעכע מאָל האט מען איי ניקע כעוורע פון יוגנטהויז באנאַכט פון די בעטן ארויפגעשלעפּט און אין ריַיאָן זיי אָוועקגעפירט, אבער גרישקע האט זיך טייקעף צוריק אומגעקערט...

שוין עטלעכע מאָל האָט טשאַרני אין פאָרשטאָט א געשלעג אָף מעסערס און קאַסטעטן פאַרפירט, די יונגען פון פאָרשטאָט האָבן זיך געשלאָגן ביז בלוט, אייניקע דאס פּאָנים און דאס לײַב צעשטאָכן, אָבער טשאַרני פלעג טייקעף אינמיטן געשלעג נעלעם ווערן, ווי ער וואָלט אפילע וועגן דעם אינגאַנצן ניט געוווסט...

שוין עטלעכע מאָל איז טשאַרני מיט נאָך כעוורע באַנאַכט פאַרבײַגייערס מיט מעסער באַפאַלן, אויסגעטאָן פון זיי די אויבערשטע קליידער... כעוורע האָט מען געפּאַקט, אײַנגעזעצט אין טורמע, אָבער טשאַרנען ניט...

און קיינער ווייסט עס ניט, קיינער, נאָר ער, דער כאַוועך מאַזשײַסקי מיט די ברייטע גאַליפע הויזן און נאַהאַן אין קעשענע, מיט די שוואַרצע שאַרפע אויגן, שטעכיקע, ווי בינען־גיפט, נאָר ער אײנער ווייסט עס. און נאָך א זאַך ווייסט ער: אז אויב ער וועט גרישקען אָנרירן, וועט מען דאס גאַנצע הויז דיבאָם איבערקערן, ווײַל הינטער טשאָרניס פלייצעס שטייען געזונטע מורזילעס מיט שאַרפע מעסערס אין גאַרטל... און אויסער דעם, האָט דער גאַנצער קאָלעקטיוו ליב גרישקען, מע ווילט אים אומעטום אויס און וואס טשאָרני זאָגט, איז געפאָלגט. טשאָרני דאַרף נאָר א מאַך טאָן מיט זײַנע בלאָנדע, שיטערע ברעמען אָף „יאָ״ — איז געמאַכט, און דאס ווייסט אויך דער כאַוועך מאָזשײַסקי. דעריבער עקבערט אים טאַקע טאָמיד איין געדאַנק: ווי קלאַפּט מען אָפּ דעם דערעכערעך זײַנעם אין יוגנטהויז אזוי, אז עס זאָל קיינעם ניט ברענגען קיין שאָדן, אז קיינער זאָל פון דעם ניט לײַדן?..

און בעשאַס ער טראַכט וועגן דעם, דערמאָנט ער זיך טאָמיד אָן דעם נאַהאַן, וואס ליגט בא אים אין קעשענע. ער דערמאָנט זיך, אז בעשאַס מע האָט אים געשיקט אהער ארבעטן, האָט איינער א כאַוועך אין קרײַז־בילד זיך א זאָג געטאָן:

— אײַער נאַהאַן, כאַוועך מאָזשײַסקי, וועט אייך דאָרט אמאָל זיכער צונוצקומען...

... און עפשער זאָל ער טאַקע אָנגווענדן קעגן טשאַרנין געווער?.. אליין אוועקשלעפּן אַט דעם דורכגעטריבענעם און מיטן שראַם אויף דער באַק אין ריין, און דאַן וועט ער זען, צי ער וועט זיך שוין ארויסדרייען פונדאַרט?..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

לייבל פינקעס באמערקט אפילע ניט דעם ווינטער. ער באמערקט אפילע ניט, אז די קליינע מויערלעך פון פאָרשטאָט ווערן איצט נאָך קלענער, ווייל דער שניי פארשיט זיי ביז די פריזבעס, פארשיט זיי און פארקוטעט זיי אין א ווייסער גראָבער דעק.

שטיל איז ווינטער אין פאָרשטאָט.

אז ער בלייבט אמאָל אין שטוב, לייבל, זעט ער בלאָנדזשען איבערן הויף אלערליי אומדערוואַרטע געסט מיט מאָדנע, גומענע, צעצויגענע שטימען:

— אַלטוואַרג קויף איך, אַלט-וואַ-רג!..

א פויער כאַפּט זיך אריין מיט א פור קוילן:

— וווּ-גע-ליאַ, וווּ-גע-ליאַ, וווּגעליאַ!..

אַן אלטיטשקער שלייפער מיט גרויע וואָנצן:

— מעס-סערס שאַרף איך, מעס-סערס!..

דערפאַר אבער באמערקט ער גוט דעם זומער. פאַרנאַכט טרינקט מען טיי בא צעעפנטע פענצטער און אייניקע „ליבהאָבער פון מוזיק" דרייען אָן נאָך די גראַמאָפאָנען און טוינקען זיך טיי מיט מוזיק... אדער די קאַנאַרייקעס אין די שטייגלעך צעזינגען זיך פּלוצים... און באנאַכט הילכן האַרמאָשקעס, און פאָרשטאָטישע געזאַנגען רייסן זיך אין הימל אריין...

אין די זומערדיקע אָוונטן באגעגנט לייבל אָפטער פראָסקען און מע קען ברייטער ארומרעדן נאָך אינאָנהויב ווינטער אָנגעהויבענעם שמועס, בא צופעליקע באגעגענישן. ערגעץ פון יענער זייט נידעריקע פּלויטן יאָגט און שווינדלט דורך א באלויכטענער צוג, שפּירן זיי ביידע נאָכן רויש פון די טראַכקענדיקע רעדער און לייבל דערציילט פון ווייטע שמוציקע וואָקזאַלן, פון א הונגעריקער קאָלאָניע, און פון זיידנס פערד... ער איז ניט קיין באַל-

דאברען, לייבל, קוים וואס דער צונג קערט זיך בא אים איבער. א שטיק צייט זיצן זיי שטיל און שפירן נאָכן ברענענדיקן הימל, דערנאָך גיט זי אים א שטילן קלאַפּ אין דער פּלייצע:

— לייבל! כ׳לעבן סע איז מיר אומעטיק מיט דיר. אָט זע: גרישקע, אז ער פאַרבערענגט אמאָל מיט מיר, איז זינגט ער מיר טאָמיד לידעלעך, דערציילט מייַסעס. און דו?..

גרויסע פלאָמען־אויגן בלישטשען בא לייבלען אינדערטונקל:

— פראָסקע, הערסט? אין אונדזער סטאָלאָווקע קאָכט מען זייער פּראָסטע געקעכצן, וואס די מאַמע מייַנע פלעג עס קאָכן, נאָר דאָ טראָגן זיי עפּעס זייער מאָדנע נעמען: „ביפשטעקס”, „רוליעטקע”, „שניצל”... פראָסקע, הערסט? בא אונדז אין סטאָלאָווקע ארבעט איינע א פּאָדאַוואַלשטשיצע, קלאַוואָטשקע הייסט זי, א יונגינקע אַזאַ, נו... פון א יאָר דרייַסיק, איז זאגט זי מיר איינמאָל: הערסט וואס איך וועל דיר זאגן, דו ביסט גאָר־ניט קיין מיִעסער יאַט, לייבל... זייער אָפט זאָגט זי מיר עס...

פראָסקע צעפלעכט אירע בלאָנדע צעפּ:

— יאָ... און וואס ווייסטו פון קאָמיוג?..

פלוצים צעהילכט זיך א קוויטשיקער קאָל פון דער גאלעכטע אַגאַפיע:

— פראָסקע! אויסוואָרף וואס דו ביסט!.. איך פאַרשפּאַר באלד די טיר, וועסטו מיר שוין נעכטיקן בא זיי, באַ די געצן, אין יוגנטהויז אין דייַנעם...

פראָסקע אנטלויפט, און לייבל גייט אוועק קלאַפּן אין טיר. די כעוורע פון שלאָפצימער האבן זיך שוין לעכאַטכילע צונויפגע־רעדט, ניט עפענען אים:

— זאָל ער אַביסל אָפּשטיין, אויב ער האט זי אזוי שטאַרק ליב...

## IV

אפן זיבעטן צענדליק האט זיך דער דוואָרניק לעקסיי שוקלין געכאַפּט, אז ער איז א באָכער, און באַשלאָסן כאַסענע האבן... אפן זיבעטן צענדליק האט לעקסיי שוקלין פּלוצים דערפילט אין

זיך יענע נאַיִווע יִינגלשקייט און זיך אָנגעהויבן צושאַרן צו דער אופראַמערן מאַטריאָנע גלינא. ער האט אָנגעהויבן יעדן זונטיק ארופציִען אף זיך זיינע לאַנגע כראָמאָווע שטיוול, וואס זיינען בא אים פון שטענדיק אָן ניי, נאָך אזש פון דער יאַפּאָנישער מילכאָמע, ווייל ביזאַהער פלעג ער זיי אָנטאָן נאָר איין מאָל אין יאָר — פּאַסכע. ער פלעג אָנהויבן יעדן זונטיק אָנטאָן זיין שוואַרצן אָנצוג, וואס איז בא אים נאָך אַלץ ניי פון דער יאַפּאָנישער מילכאָמע אָן... ער פלעג אָנהויבן יעדן זונטיק פארדרייען זיינע שפּיציקע וואנצן אַף ארוף, און פארופן צו זיך מיט איין פארזשמורעט אייגל און מיט א שמייכעלע אף זיין געקנייטשטן פּאָנים די אופראמערן מאַטריאָנע גלינאַ צו זיך אין אלקער אריין...

לעקסיי שוקלין איז א הויכער, אַן אויסגעצויגענער. די שלאַנקייט איז אים נאָך פארבליבן אזש פון דער יאַפּאָנישער מילכאָמע אָן...

און אז ער פלעג זיך אויספּוצן אין זיין נייעם אָנצוג און נייע כראָמאָווע שטיוול, און פארדרייען זיינע לאַנגע שפּיציקע וואנצן אַף ארוף, פלעג די אופראמערן מאַטריאָנע גלינאַ אויך אָנטאָן איר סיטצעוון סאַראַפאַן און ארויסגיין מיט א זשמעניע יאָדערן אין האנט און לוסקען די יאָדערן פונקט אַנטקעגן זיין אַלקער...

מאַטריאָנע גלינא איז שוין געווען אין די יאָרן. דער האַלבער יאָרהונדערט האט איר שוין גוט צעקאַרבט דאס פּאָנים און דעם שטערן, אָבער דאָך האט זי זיך פון אַזאַ שידעך ניט אָפּגעזאָגט, און זי האט אָפטער אָנגעהויבן ארייַנקוקן צו אים אין אַלקער אַריין, אָפּווישן אמאָל דעם שטויב פון זיין פענצטער, אופזידן אים אביסל אָקרעפּ, און אזוי ארום האט דאס פּאָרפאָלק כאַסענע געהאַט...

אינעם טאָג פון דער כאַסענע האט לעקסיי שוקלין געשטעלט בראָנפן און פארבעטן צו זיך אף דער סימכע דעם כאווער מאָזשייסקי און גרישקע טשאָרני. אָבער כאווער מאָזשייסקי איז אף דער סימכע ניט בייגעווען. לעקסיי שוקלין האט געזשליאָקעט דעם בראָנפן ווי וואַסער, און מאַטריאָנע גלינא האט זיך פון איין קליינטשיק קעלעשל שוין גוט אָנגעשיקערט, זיך צעלייגט אפן בענקל און געזונגען מיט א שעפּיליאוון קאָל:

Ой щож то за шум учинився,
Що комарік тай на мусі ожинився...

עס איז איר זייער געפעלן געוואָרן די סימכע, האט זי איר כאָסן לעקסיי שוקלין פון גרויס פרייד פארגלייכט צו א קאָמאַר און זיך צו א פליג...

— שטשטאַ, קאָמאַריק... — האט זי זיך צעקלונגען מיט א כריפּ און געטייטלט מיט א פינגער אף איר מאַן — טיי נאַ מוסי — האט זי דעם פינגער אויסגעקערעוועט אף זיך — אָזשעניוויסיא...

טשאָרני האט קיין סאך ניט געטרונקען. ער האט נאָר געדארפט, אז לעקסיי שוקלין זאל זיך כאָטש איין מאָל גוט אָנשיקערן און פארגעסן, אז ער איז א דוואָרניק...

אז שוקלין האט שוין געבראָכן פאר גרויס פרייד מיט דער גרינער גאַל, האט זיך טשאָרני ארויסגעשלענגלט פון זיין אלקערל און ארויס אין הויף...

דער האַרטער שניי האט געסקריפּעט הינטער זיינע פיס. א זיל-בערנע נאַכט האט אייַנגעדרימלט אין הימל...

הינטער יענער זייַט פּאַרקן זיינען שוין געשטאַנען צוויי געזונטע באָכערים מיט בלישטשענדיקע אויגן און געוואַרט. טשאָרני איז עטלעכע מאָל זיך אדורך איבערן הויף, אונטערגעפּייַפט בעשאַס-מייַסע א שטילן ניגן, און ארייַנגעקוקט צום כאָוער מאַזשייַסקי אין צימער אריין, צי יענער שלאָפט ניט. ווען ער האט שוין גוט באקוקט דעם הויף, איז ער ארויסגעלאָפן פון טויער און א ווונק געטאָן צו זיי:

— נאָך מיר! נאָר ששאַ... אָן שוכער...

איינער פון די צוויי האט פארוקט דאס היטל איבער די אויגן, טאָמער וואס, זאָל מען זיין פּאָנים ניט אָנזען, און דער צווייטער האט זיך א טאַפּ געטאָן באַם גאַרטל, דאָרט, ווו דער מעסער שטעקט, נאָר טשאָרני האט זיי באַרויִקט:

— די פּינקע מעגסטו באַהאַלטן, ער דריכעט שוין, דער אַלטער, מיט זיין ווייַב...

— מיט זיין ווײַב ? — האבן זיך די גאנאָווים צעלאַכט. — ווען האט ער זי אויסגעקראַצט ?

— נאָרוואס כאסענע געהאט.

— וואָסי ? דער אַלטער קען נאך די מעלאָכע ?..

— אַף דיר געזאָגט געווארן.

— כ׳פארלייג אף אים ! — האט זיך דער ערשטער צעלאַכט, און גרישקע האט דערזען בא אים זיינע שוואַרץ-געלע צע-פוילטע ציין.

— בא דיר איז מיסטאַמע צינגאַ ? — האט גרישקע פלוצים א פרעג געטאן.

— כ׳פארלייג אף דעם !.. האט דער יאַט א מאַך געטאן מיט דער האנט — נו, פאָשלי... און אלע האבן זיי זיך א לאָז געטאן צום גאלעכס שטיבל.

דער גאַלעך איליאַריאָן האט דערהערט, אז עמעצער פּאָרקעט זיך בא אים אין פּאָדערצימער, האט ער רויִק אנגעטאן אף זיך די ריזע, אזוי רויִק, ווי דאַן, ווען עפּעס אן אַלטיטשקע קלאַפּט בא אים אף די טרעפּ און בעט זיך בא אים ראַכמים, ער זאל גיין אָפּדינען פאַר איר געשטאָרבענעם מאַן... דערנאך איז ער ארויס אין קיך און גענומען רויִק די האַק אין דער האַנט. דרײַען זיינען זיי ארייננגעלאָפן צו אים אין צימער, געכאַפּט וואס איז נאָר צו דער האַנט געקומען, און ארויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער. דער גאלעך איליאַריאָן איז געשטאנען מיט דער האַק אין דער האַנט און געשריגן :

— ראַטעוועט, גאַזלאָנים !..

און די גאלעכטע אגאַפּיע איז געלעגן אונטער דער פּערינע און אויך געשריגן :

— ראַטעוועט, גאַזלאָנים !..

... אלע דרײַ זיינען פלינק אריבערגעשפּרונגען מיט די זאַכן איבער דעם פּאַרקן און אנטלאָפן דורך א שכײנישער פאָרטקע...

... און לעקסיי שוקלין האט געגאָסן זיין ערשטע האָניק-נאַכט...

דער גאלדך אילאַריאָן איז אריינגעלאָפן אין קאַנצעלאריע פון יוגנטהויז, זיך צוגעכאפט צום טעלעפאָן־טרײַבל, ווי א שיקער צום בראָנפן:

— בארישניא!.. מיליציא!.. מיליציע? שיקט טייקעף צו א שפיר־הונט! אומבאדינגט! די שפורן זיינען נאָך פאַראַן...

אין א האלבער שאָ ארום האט דעם צוזאמענווינונג ארומגע־רינגלט א גאנצער נאריאד מיליציאָנערן און ס'איז געקומען צו לויפן א נידעריקער יוגגערמאַן אין א גרויס געקעסטלטער היטל מיט א לאַנגן דאַשעק. נאך אים איז געקומען צו לויפן א הויכער, ברייטפלייציקער, געזונטער פאַרשוין מיט א בילמע אפן רעכטן אויג. אָנגעטאן איז ער געווען אין א שווארצער סאטינאָווער בלוזע און אין פאַפירענע לײַוונטענע הויזן ארײַנגעלאזן אין די שטיוול מיט הויכע כאָליעוועס, וואס לאָזן זיך בא אים יעדער ווײַלע אראָפּ אין א קנייטש. ער האט געטראגן א ברייטן שוואַרצן שטייענדיקן קאַרטוז נאך פון פאַר דער מילכאָמע־צײַט, מיט א קליינעם לעדערנעם געלאַקירטן דאַשעק, און געפירט נאך זיך אַ שוואַרצן הונט מיט א פאָר ליבלעכע שוואַרצע אויגן, וואס פאַסטן גארניט פאר א שפיר־הונט... גלײַך האט מען אופגעוועקט אלע יינגלעך און מיידלעך, זיי אויסגעשטעלט אין איין לאַנגער ריי און דער הונט איז ארומגעגאן און אלעמען באַשמעקט. עמעס, אייניקע האבן דעם הונט געפרווט געבן אין מאָרדע ארײַן, האט זיין פירער געמאָלדן, אז דער, וואס וועט טשעפּען דעם הונט, יענעם שיסט ער אפן אָרט, ווײַל דער הונט איז פון די ענגלישע הינט, הייסט „כיקס", און קאָסט דרײַ טויזנט רובל...

„כיקס" איז עטלעכע מאל פויל און ניטווילנדיק (ווי ער וואלט גאָר געזוכט פאר זיך א פעטביינדל) זיך אדורך איבער דער גאַנ־צער ריי און בא קיינעם זיך ניט אָפּגעשטעלט. דאַן האט דער פי־רער א געשריי געטאן:

— ניט! קיינער זאל זיך פון אָרט ניט רירן! ער וועט נאכ־אמאָל א שמעק טאָן, פונעם ערשטן מאָל קען מען גארניט ניט וויסן...

דער הונט האט זיך אײַנגעשפּאַרט, געשמעקט בעסער די פײַכטע ערד, איידער דעם יוגנטלעכן אוילעם. דער פירער האט א גלאַנץ געטאן מיט זיין איינוניינציק גרין אויג, און א שטורכע געטאָן דעם הונט אין בויך:

— שמעק, „כיקס״!..

„כיקס״ איז עטלעכע מאָל שוין גאר ניטווילנדיק זיך דורך איבער דער ריי, אינגאנצן קיינעם ניט געשמעקט און קיינעם ניט באפאלן...

כעוורע האבן פּראָטעסטירט.

— ניט! — האט ווידער אויסגעשריגן דער פירער פון הונט — פון אָרט ניט! „כיקס״ וועט שמעקן נאכאמאל, דאס דריטע און לעצטע מאל. אזוי פירט זיך. אפילע „בריאַן״ שמעקט דרײַ מאל — און דער פירער האט פון קאַעס נאכאמאל א שטאַרקן שטורכע געטאָן דעם הונט אין בויך...

— שמעק! דאס לעצטע מאל, „כיקס״!

דאָ האט שוין דער הונט אויך ניט אויסגעהאלטן און פון קאַעס אף זיין פירער פון אָרט זיך ניט גערירט און געבליבן שטיין, ווי אַן אײַנגעשפּאַרט אייזל.

כעוורע האבן אנגעהויבן שפּאַסן:

— אונדזער זשוטשקע וואלט שוין גיכער געטראפן...

— אויך מיר א שפּיר־הונט...

מע איז זיך צעלאָפן איבער די שלאָפצימערן. גרישקע איז א צופרידענער, וואס איז אַלץ אזוי גלאַט דורכגעגאנגען, אוועק צום גאלעכס שטיבל און געוואַרט, ווען פּראָסקע וועט ארויסגיין. זי איז ארויסגעגאן מיט אן עמער אין דער האנט און זיך געלאזט גיין אין יוגנטהויז נאך וואסער. באם קראַן האט זי זיך מיט לייבלען באַגעגנט. יענער האט א שמייכל געטאן צו איר, נאָר זי האט אים ניט געענטפערט. איז ער צוגעגאן און פארדרייט דעם קראַן. זי האט קיין וואָרט ניט געזאגט... האט ער זיך צעלאַכט:

— נו, גיב וועל איך דיר אָנעמען... — און האט צוגענומען בּאַ איר דעם עמער, אנגעגאָסן פול מיט וואסער און גענומען טראָגן.

פראָסקע איז אים שעמעוודיק נאכגעגאנגען.

אין דער טיר האבּן זיי זיך מיט גרישקען אנגעשטויסן. יענער האט נאָר א קריץ געטאן מיט די ציין און איז פארשוווּנדן.

די גאלעכטע אגאַפיע האט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער:

— פראָסקא!.. ביסט שוין ווידער דאָרט? א כאַליערע זאל דיך כאפּן...

V

פראָסקע האט אָפטער אנגעהויבּן ארייגגיין צו די יונגע הויף־שכיינים אין צוזאמענוווינונג. ווען דער פאָטער אירער, דער טרו־קענער גאלעך האט געפּראוועט די שאַבּעס־פארנאַכטן אין קלויס־טער, איז פראָסקע געזעסן אף א פארזאמלונג אין יוגנטהויז, זיך צוגעהערט און געזופּט יעדער וואָרט. איר איין־און־איינציקע האָפענונג איז דער יוגנטהויז. איר איינציקע האָפענונג, אַז נאָר דורך דעם יוגנטהויז וועט זי זיך ארויסקעראבּקען אפן בּרייטן סטויפּ־וועג. פראָסקע ווערט דאָ פארפאלן גאנצע טעג. ווען יוגנט פּירט אָפּט דורך פאַרזאַמלונגען און אָוונטן אין פּאָרשטאָט, איז פראָסקע טאָמיד דאָרטן. די אלטע דאַוונערנס קאָנען עס ניט דערליַידן. פראָסקע ווארפט זיך זיי שוין צופיל אין די אויגן:

— זעט נאָר, אונדזער גאלעכס טאכטער איז שוין אויך מיט זיי... וווּהין זשע קוקט ער, אונדזער הייליקער איליאריאָן... איַי, איַי...

וואָס מער פראָסקע פארבּרענגט אין יוגנטהויז, אַלץ מער וואַקסט בּא איר די סינע צום טאַטן... איר פאטערס געשטאלט מיט זיינע טונקעלע בּרעמען און לאַנגע האָר בּיז דער פּלייצע האט איר שוין אפילע אָפּט אָנגעהויבּן שרעקן.

... שניי. זי שפּאנט אין א פעלד, אין א וויסטן פעלד. דער שניי דערגרייכט איר בּיז די קני. זי שפּאנט. דער שניי איז איר

שוין דערקראָכן ביזן בויך, ביזן האַלדז. נאָר זי שפּאַנט אַלץ. דער שנײ האָט איר פֿאַרצוימט דאָס מויל, נאָר די קאָפּ און די אויגן זעט מען קוים אַרויס. זי ווערט פֿאַרכלינעט. זי ווערט דערשטיקט דאָרט פֿונעם שנײ אין אַ ווײַסער וויסטער מידבער, און קיינער קומט איר ניט צו הילף. ערגעץ אין אַ וויסטן מידבער שטעלט אַרויס אַ קאָפּ, אַ יונגע מיידלשע קאָפּ, און וואַרט, אַז כאָטש אַ וואָראָן זאָל צופֿליִען און אויספּיקן איר די טויטע אויגן און דעם פֿאַרגלי־ווערטן קאָפּ...

... פֿראָסקע כאַפּט זיך אויף פֿון בעט און צעטרייַבט דעם פֿלו־צימדיקן כאָלעם...

דער טאַטע האָט איר געזאָגט, אַז דער כאָלעם איז גאַר אַ שלעכטער סימען... זי וועט אומקומען דאָ אַזוי אין יוגנטהויז, ווי אין אַ וויסטער מידבער, און קיינער וועט איר אַפֿילו ניט קומען צו הילף...

דאָס הויז שטייט אים ווי אַ ביין אין האַלדז, דעם גאַלעך. אַז ער גייט אַמאָל דורך דעם הויף און דערהערט פֿונדאָרט אַ מונ־טערן, קלינגעוודיקן, קאָמיוגישן געלעכטער, אַז ער דערהערט דאָס פֿאַרשייט לידעלע, דאָס בייַסיקס:

Мы на небо полезем
Разгоним всех богов...

גיט עס אים ווי מיט עפּעס אַ שאַרפֿער זאַך אַ זעץ אין קאָפּ און אין מאַרך... די אָדערן ווערן בײַ אים פֿאַרקילט...

און אָט צווישן דעם הילכיקן געזאַנג הערט ער אַ קאָל זייער אַ נאָענטס, אַ באַקאַנטס — זיין טאָכטערס... יעדן אָוונט פֿאַר־ברענגט זי דאָרטן. אַלע קאָמיוגישע פֿאַרזאַמלונגען באַזוכט זי. כעוורע באַווײַזט דאָס:

— מאָלאָדיעץ, פֿראָסקע!

... אַרום פֿראָסקעס בעטל הענגט אַ גרויסע איקאָנע, — וואָס דער טאַטע האָט זי אופֿגעהאַנגען. און נידעריקער אַביסל הענגט לענין. — פֿראָסקע האָט עס אופֿגעהאַנגען... ווען די טאָכטער שלאָפֿט,

קוקט דער גאלעך אילאַריאָן אף לעניגען מיט אינערלעכער אופ־געקאָכטער סינע... ער שפּײַט אפן פּאָרטרעט, נאָר אראפּרייסן אים איז ער שוין ניט בעקויעך. ער האט עס שוין צוואנציק מאל געטאן, פּראָסקען דערפאר פּאַר די צעפּ געריסן, האט זי אים אף מאָרגן ווידער אופגעהאנגען...

— טאַטע! — זאגט זי — זאָלסט עס מער ניט וואַגן טאן (א טאָכ־טער זאגט צום טאטן „זאלסט ניט וואַגן...״), דו הערסט, טאַטע! דו האסט קיין שום רעכט ניט (זי קלאפּט מיט די פיס אין דיל). אָט אזוי וויל איך, און אזוי וועט עס זיין...

... לייבל איז פון זומער אָן געווארן נאך שוויגנדיקער, אָנ־געבלאָזענער. כעוורע האבן באהאַלטן זייער שמייכל אין די אויגן, געקלאפּט אים איבער דער פּלייצע און טאַמעוואטע צוגעגעבן:

— האסט אפילע פּראָסקען איבערגעאַנדערשט. זעסט, זי באַ־זוכט איצט אלע אונדזערע פּאַרזאמלונגען און מיטדערצײַט וועלן מיר זי, עפּשער, ארײַנעמען אין קאָמיוג אויך...

... אז גרישקע רעדט, קוקט אים פּראָסקע גלייך אין די אויגן אריין... און לייבל קוקט אף איר...

נאך דער פּארזאמלונג, ווען לייבל האט פּראָסקען באַגעגנט, איז איז ער שוין צו איר ניט צוגעגאַנגען. ער האט נאָר אַ בלישטשע געטאן מיט זיינע גרויסע שוואַרצע פלאָמען־אויגן און אַ זאָג געטאן:

— ער איז דיר, מיסטאַמע, שטאַרק געפעלן געווארן, טשאָרני?..

פּראָסקע האט דאס ניט דערהערט, צי זיך געמאַכט ניטהערנ־דיק. זי האט אים נאר באַוויזן אירע שיינע קליינע ציין און אים אראפּגעשריגן שוין פונעם גאַניקל:

— איך וועל מאָרגן זיין בא אייך אף דער לעקציע! דו וועסט זיין?

— ניין.

ער איז אָבער יא געווען.

דעם טאָג איז אים גראָדע אויסגעקומען צו ארבעטן אָוונטצייַט, נאָר ער האט זיך געביטן מיט א יאַט: דער קאָפּ טוט אים וויי...

פאַרנאַכט איז אין קלוב פאָרגעקומען א לעקציע וועגן היפנאָז.
אף דער בינע איז ארוף א הויכוווקסיקער דאָקטער מיט קליינינקע פירקאַנטיקע ברילן. ער האט גערעדט, דער דאָקטער, זייער לאַנג־זאַם מיט אָפטע פויזעס. יעדער ווײַלע אינמיטן די רייד ארויס־גענומען א נײַ, ווײַס טיכעלע פון קעשענע און געווישט מיט דעם דעם שטערן. ער האט גערעדט זייער רויִק, דער דאָקטער. פונקט ווי ער וואָלט גערעדט צו א פאַציִענט:

— די וויסנשאפט וועגן היפנאָז (פויזע) איז זייער און זייער (א וויש מיטן טיכעלע דעם שטערן) נויטיק דער מענטשהייט (פויזע). מיר האבן שוין געמאַכט זייער און זייער (פויזע) פיל עקספּערי־מענטן (א וויש מיטן טיכעלע דעם שטערן) און מיר האבן דער־גרייכט גאַנץ פּאָזיטיווע (פויזע) רעזולטאַטן... (א וויש מיטן טי־כעלע דעם שטערן).

נאָך דער לעקציע איז טייקעף ארופגעשפרונגען אף דער בינע ליאָנקע שפּאַק און זיך צעפינטלט מיט די צוויי זשוואַווע סמאָראָ־דינע אייגעלעך:

— כאווײרים! דער כאווער היפּנאָטיזאָר וועט באַלד מאַכן יעקספּרימענטן. ער וועט בא עמעצן אָפּשנײַדן די קאָפּ און וועט זי דערנאָך צוריק אוועקשטעלן אַפן אָרט. ווער סע האט כיישעק — קריך אַף דער בינע...

עמעצער פון די צוהערער האט זיך א ריס געטאָן פון אָרט און גלײַך ארופגעשפרונגען אף דער בינע:

— Товарищ гипнотизер! А ежели, скажем, у меня на хронте ногу сомсем оторвет, то вы ее сможете обратно вставить, чи как?

דער הויכוווקסיקער דאָקטער האט אָפּגעווישט דעם שטערן מיטן נײַעם טיכעלע:

— איך ט'מיך ניט פאַרשטאַנען, כאַווער (פויזע); דער היפנאָז איז, עמעס, (א וויש מיטן טיכעלע דעם שטערן), אויך א מיטל פון היילן (פויזע) אָבער...

בעשאס דער לעקציע, האט ער זיך געזעצט נעבן איר. זי איז גאָר קיינמאל אזוי שיין ניט געווען, ווי היינט. ער האט אומבאַ־מערקט געגלעט אירע בלאָנדע צעפּ. זי האט אָבער געקוקט אף גרישקען...

— פראָסקע, .וואס געפעלט דיר אזוי צו זיצן דאָ אין דער דער־שטיקעניש? קום בעסער שפּאַצירן...

— פראָסיאַ!

לייבל האט דאס וואָרט געזאגט אזוי ווייך, ווי קיינמאל ניט. פראָסקע האט זיך ארומגעקוקט אף אים, און שווייגנדיק א ווילע אים שטיל געזאגט:

— קאָלאָניע! ביסט ניט קיין שלעכטער יאט... אָט וועל איך, מיסטאמע, פארלאָזן די עלטערן, וועט דאן זיין רעכט... דאן וועט פון מיר אראָפּ א שטיין פון האלדז...

לייבל פארווארפט זיין האנט אף איר פּלייצע און שטופּט אריין איר א ביכל:

— נא, פראָסקע, לייען עס דורך, זייער א טשיקאווע מייסע...

... אף מאָרגן האט זיך דאס ביכל געוואלגערט א צעריסנס אינדרויסן...

דער גאלעך אילאַריאָן איז געקומען צו לויפן צום כאווער מאָ־זשייסקי מיט א גוואַלד, פארוואָס מע מאכט דאָ אויסגעלאסן זיין טאָכטער און מע האָדעוועט זי מיט „קראַמאָלע"...

דער כאווער מאָזשייסקי האט געפירט בעשאַס־מייסע מיט א פינגער איבערן דאַרן קין און דריבנע געשמייכלט...

— נו, וואס קומט איר זיך קלאָגן צו מיר מיט אזעלכע נאריש־קייטן?.. איך קאָן דען אייך מיט עפּעס מיטהעלפן? ס'איז איר אייסעק...

...— פראָסיאַ — האט לייבל אנומלטן א זאג געטאָן — פאָר מיט מיר אין קאָלאָניע... כ'באקום אינגיכן אורלויב...

הינטער זייערע פּלייצעס האט עמעצער אויסגעשאָסן א געלעכ־טער. לייבל האט זיך אומגעקוקט: — גרישקע. זיין פויסט איז אומ־דערוואַרט אריינגעפלויגן צו לייבלען אין פּאָנים אריין.

בלוט...

לייבל האט עס ניט פארשוויגן. א שווערער האט ער זיך אף טשאַרנין א וואָרף געטאָן. און ביידע האבן זיי זיך געקייקלט אין גערײַנגל איבער דער ערד און געצילט איינער דעם אנדערן אָנ־טרעפן מיטן פויסט אין פּאָנים אריין...

פראָסקע איז אנטלאָפן.

... פארנאכט האט עמעצער בא פראָסקען אין אלקער מיט א שטיין א שויב אויסגעבראָכן...

אף מאָרגן איז לייבל ניט געגאנגען צו דער ארבעט. לייבל ווייסט גאנץ גוט, וואס ס'וועט אים קומען דערפאר; ער ווייסט גאנץ גוט, אז אלע קעלנערנס וועלן אים באווײַזן שיינע (גיפטיקע) כיינדעלעך:

— פארוואָס זײַט איר נעכטן ניט געווען, ליאָווע? (לליאָוואַ!..)

נאָר אזוי האט עס געטראָפן, ער איז געבליבן אין שטוב. דער־פאר האט זיך אים טאָקע דער טאָג געצויגן אזוי לאנג. ער איז ארויס אין הויף, א קערווע געטאָן צום קלויסטער, צום גאלעכס שטיבל, אין פענצטער ארײַנגעקוקט — פראָסקע.

— פראָסיא!

פראָסקע האט זיך בייז אומגעקוקט און געבליבן זיצן אַף אַן אָרט.

לייבל איז אָפּגעגאן.

... גרישקע איז הײַנט אויך ניט געגאן אף דער ארבעט. טשאַרני ווייסט גאַנץ גוט, אז מאָרגן וועט אים דער מײַסטער דורכלייענען א גאנצע לעקציע, וואס איז אזוינס א דורכלאָז און מיט וואס שטראָפט מען דערפאר, און די ארבעטער וועלן נאך אונטער־העצקען:

— בא אים, טשאַרנין, איז אזוי: זעקס טעג אין וואָך רוט ער, און דער זיבעטער איז זונטיק...

נאָר פאר טשאַרנין איז עס שוין ניט קיין נײַס. אויסער דעם, האבן שוין אייניקע ארבעטער אף אים אַן אויג. עפּעס האט ער

ניטלאנג א צוואנציק שליסלען פון קעשענע ארויסגעשלעפט, געפײַלט, צוגעמאָסטן . . .

טשאָרני איז ארויס אין הויף. לאנג סטאם אזוי געבלאָנדזשעט און פארקערעוועט צום גאלעכס שטיבל, פראָסקען דעריזען:

— פראָסיאַ.

זי האט זיך אומגעקערט און גאָרניט ניט געענטפערט.

## VI

טעג, פראָסטע, גרויע שווינדלען דורך און אנטרינען. דאס לעבן אין יוגנטהויז פליסט אָן אופהער, ווי א שטילער וואַסערקוואַל. דרײַ הונדערט כעוורע.

דרײַ הונדערט יאָטן פארטראכטן זיך אמאל אלע אײנײנעם, יעדערער אין זײַן ווינקעלע, יעדערער אף זײַן בעטל, צי גאָר ערגעץ אין א ווינקל - הויף:

— וואס וועט זײַן דער טאַכלעס, ווען ער וועט פארלאָזן דעם קלויסטער - הויף און וועט ארויסגיין אַפּן ברייטן שליאַך? צי וועט ער זיך ניט אויסגליטשען ערגעץ גייענדיק אזוי גלײַך, ניט ארײַנפאלן אמאָל פלוצים אין א ריוו ארײַן?..

און מער פאר אלעמען טראכט וועגן דעם דער כאווער מאָזשײַסקי, אָט דער גרויסער קאָמאנדיר פון זײַן קלײנער אײגנאַרטיקער ארמײ . . . ער ווייסט, כאווער מאָזשײַסקי, גוט, ער געדענקט אפילע, פונוואנען יעדער אײנער איז געקומען אהער אין יוגנטהויז; ער געדענקט אפילע בא אוועלכע אומשטענדן — דעריבער דאַרט אים אזוי אָפט דער קאָפּ פאר יעדן אײנעם . . .

און פארוואָס?

. . . — מאָזשײַסקי! וואס פעסטעסטו זיך אזוי מיט דײַנע קינדערלעך? זײ קאָנען שוין אלײן זײער וועלטל באשטײן . . .

ער ווייסט עס אלײן אויך, מאָזשײַסקי. ער ווייסט, אז אין לאָקאָמאָטיוון - זאַוואָד איז דער סעקרעטאַר פון זאווקאָם — גריבניאק — א דערצויגענער פון זײַן יוגנטהויז . . . ער ווייסט, אז אין ביוראָ פון זשוראַווליאָווער רײַקאָם זיצן: מײַזל, טשערטאָוו, און ראקוזינא —

דערצויגענע אין זיין יוגנטהויז; ער ווייסט, אז אין מוזדראַמינ * זיינען די בעסטע פידלערס — גערבערט און פּטאַשניקאָוו — די דער־צויגענע אין זיין יוגנטהויז... ער ווייסט אָבער אויך, אז צווישן די גאנאָווים, וואס זיינען פארעגיסטרירט אין אויסשפיר, רעכענען זיך אויך אייניקע דערצויגענע אין זיין יוגנטהויז. און דאס רופט בא אים אָפּט ארויס שוידער. ווען ער גייט אמאָל דורך די פּאָרשטאָט, זעט ער הינטער זיך א טײַטלדיקן דאַרן פינגער פון אן אָנצייגנענדיקער אלטיטשקער:

— אָט דאס גייט דער גלאַוונער פון דער שײַקע, וואס האט באגאַנוועט אונדזער גאַלעך...

און ווען ער דערהערט אזעלכע רייד, גיט ער זיך א ריס פון אָרט, ווי א גאַנעוו, ווען ער דערשפּירט פרעמדע פארדעכטיקטע טריט. און ווערט פארשווונדן. ער לויפט אריַין אין יינגלשן שלאָפצימער:

— טשאָרני איז דאָ?

— ניין, ער איז אף דער ארבעט.

לויפט ער אריַין אין קאַנצעליאַריע און גיט א ריס דאס טעלע־פאָן־טרייבל:

— סטאַנציע? גיט מיר דעם אויסשפיר! אויסשפיר? יאָ? שיקט הײַנט באנאכט צו אײַערע מיטארבעטער און ארעסטירט די דער־צויגענע: טשאָרני, זשוראַ און זשוקאָוו... וואס? אף וואָס פאר א סמאַך? איך וועל אליין קומען אין אויסשפיר, וועל איך געבן אַ דערקלערונג. יאָ, יאָ, הא? עס רעדט דער פארוואלטער פון יוגנטהויז, מאָזשײַסקי.

באַנאַכט האט הימל מיט האָגל א שפּײַ געטאָן. דער דרויב פונעם האָגל האט דעם כאוועך מאָזשײַסקי פון שלאָף אופגעוועקט. ער האט א קוק געטאָן אין פענצטער: דער קלויסטער־שפּיץ האט בייז געקוקט אף דער רויטער פאָן פון יוגנטהויז און ווי געשאָלטן

* מוזיקאַל־דראמאטישער אינסטיטוט.

איר רויטן שאָכן. כאַוועץ מאָזשייַסקי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט:

— צוויי אַזייגער... זיי דאַרפֿן שוין באַלד קומען — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און זיך אָנגעהויבן אָנצוטאָן.

... אין שכייניש הויף האָט זיך דער גרויסער שוואַרצער הונט פֿון קייט אַ ריס געטאָן און מיט אַ שטאַרקן וואָיע זיך צעשריִען און געלאָפֿן צום הויף פֿון יוגנטהויז.

— אָט דאָס גייען זיי שוין, מיסטאָמע... — איז ער אַרויסגעלאָפֿן אין הויף.

עמעצער האָט געקלאַפּט אין טויער־פֿאָרטקע. כאַוועץ מאָזשייַסקי האָט אין קלאַפּ דערקענט, אַז דאָס קלאַפּט מען מיט אַ הענטל פֿון אַ נאַהאַן און איז צוגעלאָפֿן צום טויער:

— באַלד, באַלד...

ער האָט אויפֿגעפּראַלט די פֿאָרטקע. אין הויף זײַנען אַריין דרײַ מיליציאָנערן בעראָש מיטן שעף פֿון אויסשפּיר, כאַוואַר באַראַנאַוו — אַ מיטלוווּקסיקער פּולער פּאַרשוין מיט קירצע פֿיס, פֿעסטע שאַרפֿע קינבאַקן, און קלייניקע גראָווע אייגעלעך.

— נו, מיר קאָנען צוטרעטן — האָבן די גראָווע אייגעלעך אַ ווונק געטאָן צום פּאַרוואַלטער און אַלע פֿינף זײַנען אַרויף אויף די טרעפּ אין יִנגלשן שלאָפֿצימער. כאַוועץ באַראַנאַוו האָט, ווי זײַן געוווינ־הייט, ווידער אַרויסגענומען זײַן נאַהאַן און אָנגעהויבן קלאַפּן מיטן הענטל אין טיר:

— העי! פּראַל אויף!

טשאָרני האָט זיך דער ערשטער אויפֿגעכאַפּט. דער זיכערער קאָל פֿונעם כאַוועץ באַראַנאָוון איז אים געווען באַקאַנט. אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניטוויסנדיק. ער איז אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט און מיט אַ פֿאַרשלאָפֿן קאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער איז?

— אייגענע... — האָט באַראַנאָוו קלאַפּנדיק מיטן הענטל פֿון רעוואָלווער אָפּגעענטפֿערט. צינד אָן די ליכט, דו!..

טשאָרני האָט אָנגעצונדן.

— טו זיך אָן, כאַווערל, — האט באַראַנאָוו א זאג געטאן, — און וועק אוף דיין קאָמפּאַניע: זשוקאָוו, טשערטאָוו און זשוראַ.

— וואס פאר א קאמפּאַניע?..

— נו, דו!.. — האט כאווער באַראַנאָוו א פּאָכע געטאן מיטן רעוואָלווער נאָענט לעבן זיין נאָז — מאַך זיך נאר ניט קיין לע־מעשקע, הערסט! אין דער מאמען אריין...

טשאָרני האט אומבאַמערקט מיט א ציין־קריץ א קוק געטאן אף מאָזשײַסקין און גענומען וועקן די יאַטן:

— העי, זשורא, געסט!..

צווייען האבן זיי זיך פון די בעטן א כאַפּ געטאן און דעם ערשטן בליק אַף מאָזשײַסקין געוואָרפן. זשורא איז צוגעגאן צום פאַרוואַלטער און מיט אַן אָנגעדראָלענער פויסט אים א דראָע געטאן, אָבער טשאָרני האט עס באמערקט און איז זשוראַן אין פּאָנים פארפאָרן:

— דו!..

זשוראַ, דער ברייטברוסטיקער יונג מיט די גראָבע האָריקע הענט און קײַלעכדיקן צעקרימט פּאָנים, האט זיך מיט א רעווע פון אָרט א ריס געטאָן און טשאָרנין מיט איין שטופּ אף דער ערד אומ־געוואָרפן...

... און ווען כאווער מאָזשײַסקי האט די כאַווריַע פון פּאָרטקע ארויסבאגלייט, האט אים באַראַנאָוו שטיל אײַנגערוימט:

— איצט וועלן זיי שוין אַביסל אָפּשוויצן.

... אף מאָרגן, ווען כאווער מאָזשײַסקיס פּרוי איז געגאן צו דער ארבעט, האט עמעצער פון יוגנטהויז איר מיט א שטיין גע־טראָפן און שטאַרק פארוווּנדעט דעם קאָפּ...

... און ווײַטער פליסן זיי, די טעג, אין יוגנטהויז, ווי א שטילער וואַסערקוואַל, אָן אופהער, אָן אופהער...

דער גאלעך אילאַריאָן, ווען ער דאַרף פאַרבײַגיין די פּאָרטקע, שטעלט ער טאָמיד אומגעלומפּערט גרויסע טריט. ער שפּרינגט מאַמעש, אבי וואס גיכער דורכגיין דאס שטיקל פּלאַץ, ווו סע

שטייט דאס יוגנטהויז... און אז ער גיט אַמאָל יאָ א קוק אַפֿן מויער, גיסן זיך זיינע טונקלע אויגן אָן מיט סינע, מיט טונקלער פאַרבאַהאַלטענער סינע, וואס קאָכט אין אים און בריט אים דאס לײַב־און לעבן...

וואס דאַרפט איר מער:

די טעג האט דאָס אַפּיקאָרסים־קרײַזל פון יוגנטהויז דורכגעצויגן פון זייער דאַך ביזן קלויסטער־שפּיץ א לאַנגן, לײַוונטענעם פּאַס מיט גרויסע פעטע אויסיעס, וואס יעדער אָס איז די גרויס א האלבן מעטער. די אויסיעס האבן געפלאטערט איבער דער גאנצער פאָרשטאָט:

„די גאַלאָכים פאַרסאַמען די ארבעטער־מויכעס! גייט ניט אין קלויסטער!"

דער אויסגעהאנגענער רויטער לײַוונט האט דעם גאַלעך ניט געלאָזט צורו. די גרויסע פעטע אויסיעס, וואס זיינען געהאנגען אַפן קלויסטער־שפּיץ, האבן אים געקלאַפּט איבערן קאָפּ, געגעריקט מיט עפּעס א שווערער און שאַרפער זאַך.

— פּראָסקעלע...— האט ער דורך די ציין גערעדט צו זיין טאָכ־טער, און זיין קאָל האט געציטערט ווי אין א פּראָסט — נו, טעכטערל מײַנס, קלײַב נאַכעס, וואס מע דערלויבט זיך... קלײַב נאַכעס, ווי מע איזדעקעוועט זיך פאַר אלעמען אין די אויגן איבער דײַן טאַטן...

נאָר פּראָסקע האט אף דעם גאָרניט געענטפערט. שטענדיק, ווען דער טאַטע הויבט אָן מיט איר רעדן וועגן דעם, לויפט זי ארויס פון שטוב; זי ווייסט, אז אָפט רעדט ער אפילע צו איר מיט אזא טאָן, אז אָט, אָט צעוויינט ער זיך, קעדיי כאָטש אף א טראָפּל ווירקן אף דער טאָכטער, זי זאָל מער ניט גיין אהין, צו די „טריי־פענע" פּענימער... זי זאָל מער מיט זיי קיין אייסעק ניט האבן. נאר די בלאָנדע, בלאָוויגיקע פּראָסקע לויפט טייקעף ארויס פון שטוב מיט א געשריי:

— טאַטע! כ'האב שוין געהערט! צוואנציק מאָל געהערט... הונדערט מאָל!

זי לויפט ארויס פון שטוב און שטייט גלאַט אזוי אײנדרויסן, אַבי ניט הערן דעם טאַטנס רייד...
... לייבל פינקעס האט איר די טעג געזאָגט:
— פראָסקע, איך קלײַב זיך אינגיכן ארויס פון יוגנטהויז... וועסט אריבערגיין צו מיר? צי דו ווילסט נאך אלץ פארבלײַבן מיט דיין טאַטן?..

ווען אפילע, ער, לעקסיי שוקלין, דער זיבעציקיעריקער דוואָרניק מיט די געלבלעך ווײַסע פארדרייטע וואָנצן, האט נאָך געכראָפּעט, האט דער גאלעך אילאַריאָן דערהערט, אז עמעצער פּאָרקעט זיך בא אים אין הויז. דער גאלעך האט, ווי זיין געוווינהײַט, רויק אָנגעטאן אף זיך די ריזע, גענומען די האַק אין דער האנט און זיך געלאזט אף די שפּיץ פינגער אין פעדערצימער. אבער, ווי ער האט נאָר ארופגעטראָטן אף דער שוועל פון פעדערצימער, אזוי איז ער טייקעף געבליבן שטיין אף אַן אָרט, ווי א פאַרגליווערטער, מיט א צעעפנט מויל און פאַרהויבענע ברעמען. אפן פּאָנים האט באַ אים א ציטער ארומגעטאנצט:
אין פעדערצימער זײַנען געווען פראָסקע מיט לייבלען און האבן א קלומעק מיט זאַכן צונויפגעפּאַקט...
דער גאלעך אילאַריאָן איז אלץ געשטאנען אזוי מיט דער האַק אין האנט און מיט א צעעפנט מויל, ווי דער צונג וואלט בא אים אָפּגענומען... ער איז געשטאנען, פונקט אזוי ווי זײַן פאַרגליווערטער צווילינג אין הויף, וואס כעוורע פון יוגנטהויז האבן פון שניי געמאַכט און מיט וואַסער באַגאָסן...
— טאַטע,— האט פּראָסקע א זאג געטאן,— וואס קוקסטו אזוי דערשראקן?
דער גאלעך האט איר גארניט ניט געענטפערט. ער האט נאָר געשטוינט: ווי קומט אַהער איצט אָט דער „פאַרכאטער זשיד" פון יוגנטהויז צו אים אין פעדערצימער און וואס פאַר א געשעפטן האט ער עס מיט זײַן טאכטער?.. דער גאלעך אילאַריאָן האט נאר שטאַרק א געשריי געטאן, ווי א קויל וואָלט אים געטראָפן

און די אָדערן האָבן זיך בײַ אים אָפּן פּאָנים פֿול מיט בלוט אָנ־געגאָסן:

— וואָן פֿון מײַן שטוב!.. וואָן! — און אָט דער געשריי, דער בלוטיקער אויסרוף, האָט ווי אַ טויבער קלונג פֿון אַ גלאָק אָפּגע־הילכט איבערן גאַנצן קלויסטער־הויף...

— וואָן!.. סוואָלאָטש!..

לייבל האָט אַ כאַפּ געטאָן פּראָסקעס צונויפֿגעפּאַקטן קלומעק און זיי זײַנען ביידע אין דרויסן אַרויסגעלאָפֿן...

...אַ פּײַכטער וואַרעמער ווינט האָט זיי אָנגעזאָגט די פֿריידיקע בשורה פֿון אָנקומענדיקן פֿרילינג, פֿון יונגע, זוניקע, צעשטראַלטע טעג...

1927 — 1929 י.

# ש ל אַ ק

איציק פעפערן דעם פריינט, דעם
דיכטער, דעם קאָמוניסט — מיט ליבע.

## 1

באָריס, דער יונגער ארבעטער פון לאָקאָמאָטיוון־זאַוואָד, האט זיך אומגעקערט אהיים א בייזער און א דערשלאָגענער. א גאַנצן טאָג איז אים עפּעס ניט געגאנגען. פון מײַסטער האט ער געכאפּט דעם עמעסן פּסאַק:

— מיילע, דאס, וואס דו ביסט. אייערנעכטן פון דער צען־פאר־זאַמלונג אַנטלאָפן,— איז עס ניט מײַן זאַך: נאך דער ארבעט איז כאָטש שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט.— זאָל עס דעם זאַווקאָם אַרן... אבער צו דער ארבעט מוזסטו קומען. אָן שום טערוצים! קאָלזמאַן לוקיטש איז דיין מײַסטער — איז אָן שום טערוצים. פאַרשטאַנען? איז אָט פאַרגעדענק זשע עס טאַקע!..

און דעם פארווורף פונעם מײַסטער האבן נאך אונטערגעהיצט די שטעכווערטלעך פון די ארבעטער:

— אַ גוט ווײַבעלע האט זיך אים אוואדע געכאָלעמט...

נאך מער האט באָריסן צעבייזערט דאס צעטל, וואס ער האט געטראָפן בײַ זיך אפן טיש:

„באָריס, דו האסט פאַרקאָכט א קאַשע און מאַכסט זיך גאָר־ניט ווויסנדיק. אַ שטיל שעפעלע, נעבעך. אויב דו ווערסט היינט ניט קומען אין פּושקין־סקווער, ווי מיר האבן זיך צונויפגע־רעדט, וועסטו שוין דאַן זען.
לידא".

וואָס זאָל ער טאָן, באָריס? אויב ס'וועט אום ניט געראָטן זיך אַרויסדרייען פון אירע הענט, איז ער א פאַרפאלענער. אַלע וועלן עס וויסן: אי אין זאַווקאָם, אי אין צעך...

באָריס איז א מיטלוווקסיקער, אָבער א קרעפּטיקער ברייטברוס־טיקער יונג. אַף זיין רונדן גרויסן פּאָנים שווימט טאָמיד אַרום א בייזקייט, וואס איז איינציַיטיק געווענדט צו אַלעמען און צו זיך אליין.

די בייזקייט ווערט בא אים ארויסגערופן פון יעדער מינד־סטער קלייניקייט, און בא אַזעלכע פאַלן קריכט בא אים דער שוואַר־צער טשוב אַריבער די קאַרע אויגן און די בייזקייט ווערט דערפון נאָך מער פאַרדאָפּלט. די שוואַרצאַפּלען לויפן שנעל הין און צוריק אין די וואַסערדיקע אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אַף עמעצן אָנצופאַלן . . .

באָריס און לידע ארבעטן אין איין צעך — אין גוסצעך. די אַרבעטער לויבן זי טאָמיד, נאָר אייניקע שפּאַסן אונטער פון איר, פארוואָס זי האט זיך אזאַ אַרבעט אויסגעקליבן:

— נאַרישע, קיין אַנדער מעלאָכע דען ניט געקאָנט געפונען? — האָבן זיי געטיַינעט צו איר.

— אלץ איז גוט! און זיצן אין קאָנטאָר, קוועטשן דאס בענקל איז דען בעסער?

דאס מיינט זי איר כאַווערטע פון קאָנטאר, קלאַוועטשקען.

לידע לאַכט זייער דריבנע, און שפּילט מיט די אויגן זייער פיַין. אוי, אירע אויגן! טאַקע איבער די שוואַרצע ציגיַינערישע אויגן האט זיך עס פאַרדרייט און פאַרקניפּט. אירע אויגן האבן אין זיך עפּעס א מין פאַרבאהאלטענע קראַפט, וואס ציט צו צו זיך באָריסן, ווי אַ מאַגניטיזירט שערל ציט צו א שפּילקע . . .

צוערשט איז געווען אזוי:

ווען לידע איז דורכגעלאָפן פארביַי אים, האט ער בא איר דאס נאָזטיכל ארויסגעשלעפּט און איידל דערלאנגט:

— דאַכט זיך, פאַרלאָרן . . .

האט זי בא אים דאס טיכל צוריק ארויסגעכאַפּט, זיך דריבנע צעלאַכט און אנטלאפן.

באָריס האט לאַנג נאָכגעשפּירט איר שלאַנקן קערפּער.

שפּעטער, ווען די סירענע האט זיך צעהילכט איבערן לאַנגן זאַוואָדישן הויף, האט ער באַם טויער זיך אָנגעשטויסן אָן איר און זי פּלוצים פאר דער האַנט אָנגעכאַפּט:

— לידקע... אַף איין וועג, דאַכט זיך?..

האט זי שעמעוודיק אפּגעקערט דאס פּאנים, געוואָלט איר האַנט פון זיינער ארויסנעמען, האט ער זי א צי געטאן צו זיך — זיין לייַב האט פּלוצים דערפילט א איבערגוס פון מיידלשן צאַפּל...

— לידקע, — האט ער שטיל געזאָגט — אַף איין וועג, דאַכט זיך?..

דערנאך שוין זיינען זיי אוועק געאָרעמט. זיין צעשויבערטער טשוב האט זיך געפלאָכטן אין אירע ווייכע מיידלשע האָר, שלייף צו שלייף צוגעטוליעט.

— לידקע!..

זיינע שטייַפע הענט האבן איר שלאַנקן קערפּער ארומגעכאַפּט, דערפילט די וואַרעמקייט פון איר צאַפּלדיקן לייַב... און פון יענעם טאָג האט ער זיך יעדן אָוונט מיט איר געזען און דערנאָך שוין איבער א טאָג, איבער א וואָך. און איצט לויפט ער טייקעף נאָכן הודאָק אַרויס דער ערשטער פון צעך, קעדיי אויסמייַדן די באגעגעניש מיט איר...

דער גרויסער שאַבעס, ווען מע באַקומט געהאַלט, איז א קורצער טאָג און א לאנגע נאַכט — מע דארף אין באָד אַריין לויפן, אָפּוואַשן דעם ברוד, וואס האט זיך פאר דער צייט אין לייַב איינגעגעסן, איבערבייַטן דאס שמוציקע גרעט, וואס דער שוואַרצער אייַזן-שטויב פרעסט ווי מאָטע, און דערנאך — כאָטש א גאנצע נאָכט פאַרברענג! — דער פייַף וועט דיך מאָרגן ניט וועקן. שאַבעס איז נאָך שטאַרקער דער געפילדער באם אַרויסגאנג, פריידיקער דער רויש.

ווען באָרים האט זיך שאַבעס, צוועלף אזייגער באַנאַכט, פון זאַוואָד אהיים אומגעקערט (ער האט דאן אין דער צווייטער מיש-מוירע געארבעט), האט ער פאַרקערעוועט אין א געסל, אפן ראָג, דאָרט, וווּ דאס בירשענקל שטייט. די שילד פונעם שענקל איז

געווען אויסגעמאָלט מיט אזא קאָליר, ווי דאס ביר, וואס מע פאר־קויפט דאָ. דאס שענקל איז געווען א נידעריק־גראָ מויערל מיט איין הויך טרעפל און פינף קליינע פענצטערלעך. אינעווייניק האט ארומגעשוועבט א געדיכטער טאַבעק־רויך, ווי א גאזנפאָרהאַנג, נאר קיינער האט עס ניט באַמערקט. נעבן בופעט איז געשטאַנען א הויכער טשובאטער האַרמאָניסט און נעבן אים — א נידעריקער פליכעוואטער פידלער, און דער דועט האט אָן אופהער געקרימפּלט די מאָסקווער „ציגעלעך" און די אדעסער „בייגעלעך".

אַלץ אינאיינעם:

דער שוימיקער טומל, דער געדיכטער רויך־פארהאנג, און די צעלאָזענע קלאַנגען פון „ציגעלעך" און „בייגעלעך" — האבן האר־מאָנירט מיט דער געלער פאַרב פון ביר.

באָריס האט צוויי פלעשער ביר געקויפט און דערנאך פון קע־שענע אַ וויַיסן בוטל ארויסגענומען און אין יעדער גלאָז צוגעגאסן אביסל בראָנפן צום ביר. דער בראָנפן האָט אים געשיקערט. די פאַרויכערטע קלאַנגען פון מאָסקווער „ציגעלעך" און אדעסער „בייגעלעך" האבן אים געשלעפערט, און א יונג כוצפּעדיק מיידל מיט פולע פיס און פעסטן קערפער האט אים יעדער ווייַלע פאַר־טשעפעט, אומבאַמערקלעך געהויבן דאס קליידל העכער פון די קני, געררייצט מיט אירע גראָבע ליטקעס...

ווען באָריס האט שוין אַלץ אויסגעטרונקען, איז ער צוגעגאנ־גען צו זיין יִדישן שאָכן און אים ברייט ארומגענומען:

— קום זיך צעקושן, יאָסקע!..

נאכן קוש, האט ער אים א זעץ געטאָן אין פּאָנים — באַם שאָכן איז דאס אויג ווי א בלויע מאַטבייע אופגעלאָפן.

— זשיד! — האט באָריס געשריִען — זשיד! שנייַדן דארף מען אייך אַלעמען!.. און ער האט א זעץ געטאן מיט דער פויסט איבערן טישל. אַלץ האט זיך אפן טישל מאדנע צעקלונגען און צעשאָטן אף שטיקלעך גלאָז...

דער הויכער טשובאַטער האַרמאָניסט האט רויִק אוועקגעלייגט די האַרמאָניע אַפן בענקל, איז צוגעגאנגען צו באָריסן, פארן קאָלנער

איִם אנגעכאַפּט און אַרויסגעשטופּט פון שענקל. דאס כוצפּעדיק מיידל מיט די פולע פּיס און פעסטן קערפּער איז אַרויסגעלאָפן און דערזען:

באָריס איז געלעגן מיטן פּאָנים אין בלאָטע. האט זי אים אופ־געהויבן און געשלעפּט נאָך זיך:

— קום, יונגערמאַן, וועסט נישט דערלייגן... — מיט איין האַנט האט זי אים אונטער דער פּאַכווע אַרומגענומען און מיט דער צווייטער אין די קעשענעס געשאַרט...

די נאַכט איז געווען א צוגעקילטע און האט, ווי אן אלטער זאָקן, געהוסט מיט א שיטערן רעגן און ווינטל. די דינע פּאַסן וואַסער זיינען געפאלן קרום און א שיטער ווינטל האט יעדער וואַסער־ליניע געבראָכן און געשניטן...

* * *

בא באָריסן אין שטוב זיינען שוין אלע שכיינים געשלאָפן. נאָר באָריס מוטער, כאַנע, איז געזעסן נעבן פענצטער און געוואַרט אַף איר זון. דער לאַמטערן אַפן ראָג האט איר אנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן און ס'האט זיך איר דערמאנט איר מאַן איוואַן פּאָ־טאַלוכא. ער איז געווען א שטילער מענטש, אבער א נערוועזער, פלעגט זעלטן־ווען גיין אין צירק און אַמאָל אַריינקוקן אין א צייטונג. זיין גרויסער געקנייטשטער פּאָנים איז טאָמיד געווען רויט, ווי א קרעפּס, און די אויגן ווי געשוואָלענע.

יונגערהייט איז ער געווען א געזונטער מענטש מיט א ברייטער האָריקער ברוסט און שווערע האָריקע הענט. שפּעטער, ווען ער האט שוין אפּגעדינט דעם „פאָטערלאַנד", איז ער געקומען אהיים אַ קאָנטוזשעטער, א צעבראָכענער.

די לעצטע צייט האט ער שוין אפילע ווייניקער געטרונקען.

ער פלעגט טייַנען:

— דאס לעבן איז ווי א גרויסער זומפּ, און אויב דו האַלסט זיך ניט שטייף, וועט עס דיר איינשלינגען און אייביק האלטן דאָרט אינעם זומפּ, ווי א פליג אין שפּינוועבס, ביזוואַנען דו וועסט דאָרט ניט פּייגערן...

אין די לעצטע יאָרן האט זיך מיט אים אן אומגליק געטראָפן: בעיס ער האט אָנגענומען פון דער וואַגראַנקע זודיקן טשוהון, האט עס אים א גאָס געטאָן אףביידע שיך און דורכגעברענט דעם לעדער. ער האט אבער גלייַך ניט געוואָרפן דעם שעפער, אניט וואָלט ער מיט דעם געקאָנט אָפּבריִען אַלע איבעריקע אר־בעטער, וואס זייַנען געשטאַנען הינטער אים, און ווען ער האט שוין אָנגענומען א פולן שעפּער, האט ער אים פּאַמעלעך אנידער־געשטעלט און איז בליצשנעל אריינגעשפּרונגען אין דער נידע־ריקער דייזשקע מיט וואַסער, וואס איז געשטאַנען אין צעך. עס האט אים שטאַרק אָפּגעבריטביידע פיס. די קרענק האט אים לאַנג געטאָטשעט, ווי א וואָרעם, און אָפּגעריבט בא אים זיין צעבראָכן לעבן.

ער האט, ווייַזט אויס, פאָרויסגעזען דעם זומפּ, איוואַן פּאַטאַ־לוכע, ווי מע זעט פאָרויס דעם טויט... ער איז זייער ווייך געווען צו זיין ווייַב:

— כאַנעלע, זעסט. אָט איך בין שוין א באַרמינען, אבער באָ־ריסן, זע, כאַנעטשקע, ער וואַקסט אַן אַקשן, ווי זיין טאַטע וואַקסט ער... נישט געהאַט קיין צייַט זיך אָפּגעבן מיט אים...

כאַנע האט א קוק געטאָן אין פענצטער: דער רעגן האט שוין אינגאַנצן אופגעהערט צו גיסן, דער אויסגעצוואָגענער הימל איז איצט געווען לויטער־ריין, באפוצט מיט דינע קימאַט דורכזיכ־טיקע שוואַרץ־בלויע פּאַסן...

כאַנע דערמאָנט זיך אַלץ. איצט איז אזוי שטיל, דער רעגן האט שוין אופגעהערט צו גיסן. א לויטערע נאכט. איצט איז אזוי גרינג צו דערמאָנען זיך אין יענע שווערע צייַטן. שווימען איר דערמאָנונגען אין קאָפּ און שווינדלען פאר אירע אויגן...

... שטעטל.

... אין קעלער איז שטאָקפינצטער, נאָר עס פינקלט די האַק אין האַנט בא איר ברודער סימכע. ער האט זיך אוועקגעשטעלט בא דער טיר, קעדיי אָפּהאַקן דעם קאָפּ דעם ערשטן, וואָס וועט זיך וואַגן אריינרייַסן אין קעלער און אָפּרויבן בא זיי דאס לעבן.

פלוצים, האט זיך דערהערט א געלאָף און הירזשערײַ פון פערד. די בעהאָלע איז עטלעכע מאָל, ווי א פלעדערמויז, ארומגעפלויגן איבער דעם קעלער און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט אף דער מיט; שיקערע קאָזאַקן האבן זיך אין קעלער ארײַנגעריסן. די האַק איז פון סימכעס האנט ארויסגעפלויגן, ער האט נאָר באוויזן זיך א כאַפּ צו טאָן פאר זיין דורכגעלעכערטער ברוסט און זיך ווי א פעסל פון די טרעפלעך אראָפּגעקײַקלט. די שיקערע קאָזאַקן האבן מיט צעשפּרייטע הענט, ווי א באלעבאָסטע יאָגט זיך נאָך אירע הינער, זיך א לאָז געטאָן נאָך די ווײַבער...

... ווען דעם קעלער האט א טויטע שטילקייט ארומגעכאַפּט, האט זיך כאַנע קוים ארויסגעדראפּעט פונדאָרט. אין דרויסן איז געווען האַרבסטיק שטיל, געלע בלעטער זײַנען געפלויגן אינדערלופטן און פוכיקע פעדערן האבן זיך געשלענגלט פון אַן אָפענעם פענצטער...

... אף מאָרגן האט כאַנע פאַרלאָזט דאָס שטעטל — דען ניט אַלציינס וווהין? — אבי פאָטער ווערן פון דער בעהאָלע, וואס לויפט איר נאָך פוסטריט.

... זי איז אָנגעקומען אין א גרויסער ווײַטער שטאָט, מיט ברייטע גאַסן און הויכע מויערן. א גאנצן טאָג האט זי ארומגע־בלאָנדזשעט איבער דער שטאָט, און פאַרנאַכט האט זי א גראָ־בער וואָנציקער גאָרדאָוואָי מיט א פעטן קאַרק און פעטע אויגן אוועקגעשלעפּט אין טיורמע אלס א פרײַ מיידל, וואס האט ניט די געהעריקע דאָקומענטן.

... די צײַט איז שוין ווײַט פארשוווּמען, צענדליקער יאָרן האבן דאס פאַרגאַנגענע אין קאַרבן פאַרשניטן, אבער דערמאָנונ־גען שווימען אוף, ווי א מעס אף וואַסער...

... פון טיורמע איז זי ארויס אן אויסגעהונגערטע, אַן אויס־געדאַרטע. ווינטן האבן אָנגעזאָגט גרויסע, שטאַרקע פרעסט און נויט, נאָר וווהין זאָל זיך א יונג מיידל אין א פרעמדער שטאָט א קער טאָן?.. האט זי זיך אוועקגעשטעלט אף א ראָג און אירע אויגן זײַנען געשפרונגען אף פאַרבײַגייער, געזוכט, עפּשער וועט פּאָרט עמעצער א באַקאָנטער אונטערגיין...

... איוואַן פּאָטאַלוכע, ער, איוואַן פּאָטאַלוכע, האט זי דער ערשטער באמערקט. ער איז נאָך דאַן געווען שיין און יונג, מיט א גרויסן טשוב, קליינע וואָנצעלעך און קאַרע אויגן... איוואַן פּאַטאַלוכע האט נאָך דאַן געקאָנט שפּילן מיט די אייגעלעך און מיט די פּלייצעס, ווי אף א האַרמאָשקע, און מיט עטלעכע וווּנקען האט ער זי צוגעצויגן צו זיך, געוואַרעמט זי מיט זייַנע בליקן אין זייַנע ברייטע אָרעמס, און צו זיך אהיים אוועקגעפירט... שפּעטער איז שוין אין פּאָטאַלוכעס צימערל לעבעדיקער געוואָרן. א ווייַבערשע האנט האט זיך אין יעדן ווינקעלע באוויזן.

... דעם זון האבן זיי א נאָמען געגעבן „באָריס”. דער טאַטע פלעגט אים רופן „באָריס” און די מאַמע — „בערעלע”.

... כאָטש די צייַט איז שוין ווייַט פארשוווּמען, צענדליקער יאָרן האבן דאס פארגאנגענע אין קאַרבן פאַרשניטן, אבער דאָך שווימען איר דערמאָנונגען אין קאָפּ און שווינדלען פאר די אויגן... דער אויסגעצוואָגענער הימל האט שוין איצט געגלאַנצט און די לעוואָנע האט פון דער הויך מילדע בליקן געוואָרפן. א קלאָרע, אויסגעשטערנטע נאַכט...

* *
*

באָריס האט זיך קוים דערשלעפּט צו דער טויער־פּאָרטקע און זיך אָפּגעשטעלט באם גרויסן לאַמטערן. ער האט זיך אָנגעשפּאַרט אין סטויפּ, אים ארומגענומען מיט ביידע הענט און אראָפּגעהאַנגען דעם קאָפּ. ער האט געוואָלט אין אזא פּאָזע א דרימל טאָן, אבער א נאַסער ווינט האט אים א בלאָז געטאָן אין פּאָנים אריין און אים אוועקגעיאָגט אהיים.

ער איז שטיל אריין אין זיין נידעריק צימערל און זיך אריינגעוואָרפן מיט די שיך אין בעט אריין. די מוטער האט אים קיין וואָרט נישט געזאָגט און פאַרמאַכט נאָך אים די טיר. זי ווייסט שוין, אז זי וועט זיך אָנהויבן מיט אים, וועלן די שויבן ציטערן און דאס געפעס וועט פון שאַפקע פליען. ער איז א נערוועזער, אַן אַקשן, ווי זיין טאַטע. ער פּאָלגט זי נישט, באָריס.

— באַריס, טו זיך אויס, — האָט זי זיך שטיל געווענדט צום זון.

ער האָט געשוויגן. דאַן האָט זי אינגאַנצן פאַרדרייט ס׳לעמפּל און זיך געלייגט שלאָפן.

II

דער זאַוואָדישער פייַף האָט הילכיק אָנגעזאָגט אַלעמען וועגן שאַבאַש. אַרבעטער האָבן זיך מיט געפּילדער אַ לאָז געטאָן פון די צעכן, מונטער געשפּאַנט איבערן זאַוואָדישן הויף. די לאַנגע קוימענס האָבן רויִק גערויכערט. דער געדיכטער רויך איז פּאַסנ־ווייַז געפלויגן און ריינגעוווייַז פאַרשוווּנדן... אַרבעטער האָבן זיך געשטופּט, צום אַרויסגאַנג געאייַלט — יעדערער האָט געוואָלט זיך פילן גראָמער און אייַנאָטעמען אַסאַך פרישע לופט.

מע האָט געשמועסט:

— ווי געפעלט עס דיר די נעכטיקע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג?

— יאָ, אַזאַ פאַרזאַמלונג איז שוין טאַקע לאַנג נישט פאָר־געקומען.

— נישקאָשע, מע האָט זיך נאָר אַביסל איבעריק געהיצט. טאָ־מער האָט דאָרט דער שנעק קיריוק ערגעץ אויסגעקראַצט אַ טראָצ־קיסטישע פּראָקלאַמאַציע, איז שפּאַלט זיך דער הימל...

— האַווריק — האָט איינער אַ יונגער אַרבעטער געטייַנעט צום צווייטן — אַ פּאָדליעץ זאָל איך זיין — אויב איך באַקום הייַנטיקן כוידעש ניט קיין העכערן ראַזריאַד...

— אוי, איך האַלט ניט אויס! — האָט איינער אַן אַרבעטער מיט געדיכטע קלייניקע וואָנצן זיך געפּאַטשט מיט די הענט אין בויך — מיקיטיטש פון שלאָסער־צעך, נו, אָט דער זיבעציקיאָריקער זאָקן האָט דערלאַנגט אַ מעלדונג אין דער פּאַרטיי אַריין. כ׳וויל ווערן אַ פּאַרטיינער, מאַכט ער...

— הערסט, ניוטקאַ! — האָבן צוויי יונגע אַרבעטערנס זיך גע־אייַלט צום טראַמוויי — ס׳אַנדערע מאָל וועל איך מאָנקע פּטאַש־ניקאָוון אַ פולע מאָרדע אָנכראַקען... ער גייט צו צו מיר ס׳ער־

שטע מאָל, ער קען מיך נאָך אַפּילע ניט, און מאַכט: אַך, ווי איר געפעלט מיר, שורע... — און כאַפּט מיך ארום פאר אלעמען אין די אויגן.

— מײַנער, — האט אַן עלטערע ארבעטערן געטײַנעט צו א צווייטער, — איז ווי נאָר ער קומט אהיים, לייגט ער זיך באלד אוועק דריכען* און דריכעט אָפּ ביז מאָרגן...

— און מײַנער, פּונקט פאַרקערט. אָט ווי נאָר ער לויפט ארויס פון זאַוואָד, אזוי לויפט עס גלײַך אף סאָבראַניעס, אין יאַטשיי־קעס, און דאָקלאַדן און וואס דו ווילסט, און קערט זיך אהיים אזש שפּעט באנאַכט...

באָריס האט זיך נישט געײַלט, נישט געשטופּט, געגאנגען לאַנגזאַם. דער שמועס פון די ארבעטער האט אים ניט גערירט, פּונקט אזוי, ווי ס'רירט אים קיינמאָל נישט א צעך־פאַרזאַמלונג, צי דאס קאָמיוגיש קעמערל. ער איז שטארק ווײַט פון דעם. ער גיט נאָר אָפּ דעם זאַוואָד זײַנע צוויי קרעפּטיקע הענט אף צו באַקומען לוין דערפאַר, און ווײַטער — גאָרניט.

ווען ער איז ארויס פון הויף, האט אים לידע א צי געטאָן פארן אַרבל:

— באָריס!

באָריס האט זיך ניטווילנדיק אומגעקוקט:

— וואס?

— קום פיר מיך דורך אביסעלע, כ'וויל מיט דיר וועגן עפּעס א רעד טאָן אפן וועג.

„וועגן עפּעס?" — האט אים אומדערוואַרט, ווי א שפּילקע אין פינגער, א שטאָך געטאָן.

— נו, קום, באָריס, קום פיר מיר דורך אביסעלע — האט זי אים געשלעפּט פאר דער האנט.

זיי זײַנען געגאנגען גיך. באָריס האט געשפּאַנט און זי איז אים נאָכגעלאָפן.

---

* שלאָפן.

— וואס ליפּסטו אזוי, סע ברענט דאָך ניט!
און דערנאָך מיט קאַעס:
— באָריס! ווי לאַנג וועסטו נאָך פראַווען דיינע שטיק?
באָריס האט אלץ געשפּאַנט און זיך געמאַכט, ווי א לעמעשקע, ווי ער פאַרשטייט ניט, וואס זי רעדט צו אים.
— באָריס? — האט לידע אויסגעשאָסן — טאָ...
דאס ניטדערזאָגטע וואָרט האט אים געטראָפן. אינמיטן וועג האט אים אָנגעהויבן וואַרפן אין היץ און אין קעלט. דאס ניט־דערזאָגטע וואָרט האט אנגעצונדן דאס לייב, דעם קאָפּ, די פיס, די הענט, אלץ. ער ברענט!
— וואס זשע וועט זיין? — האט זי שוין מער ווייכער געזאָגט.
זיי זיינען אריין אין סקוועער און זיך אוועקגעזעצט אונטער אברייטן דעמב. דער דעמב איז שוין געווען האלב־נאקעט, אָן בלעטער, און האט זיי מיט זיינע דאַרע צווייגן ארומגענומען. פון אירע שוואַרצע אויגן האבן זיך געקייקלט אומבאמערקט קליינע טראָפּנס קינדערישע טרערן. זי האט געוויינט מער פאר בושע, ווי פאר שרעק. די גאַנצע צייט איז באָריס געזעסן און געשוויגן און פלוצים א קריץ געטאָן מיט די ציין:
— וואס האסטו זיך צעיאַכמערט? — פאָר אוועק פונדאנען און — באַסטאַ!
לאַנג זיינען זיי געזעסן אין סקוועער, די זון האט זיך שוין פאַרקייקלט אין האָריזאָנט און פון דער רעכטער זייט האט זיך די לעוואָנע אונטערגעגאַנוועט און געשמייכלט...
— לידקע, שוייג! — פיר מיך נישט ארויס פון געדולד. אליין פירט איר די יינגלעך אראָפּ פון וועג און דערנאָך גיסט איר אויס עמערוויַיז טרערן.
ער האט זיך אופגעהויבן פון באַנק.
— באָריס! וואַרט אויס! דו מיינסט, דו וועסט זיך אזוי גיך ארויסדרייען. פאַרגעס זיך נישט!..
ער האט איר גענומען אונטער דער האנט, אין זיינע אָרעמס געדריקט און אַהיים באגלייט. אַפן וועג האט ער די גאנצע צייט

געשטעלט שווערע טריט, ווי עמעצער וואָלט אים די פיס געפּענ־טעט. באַם טויערל האָט ער זיך שווינדליק צעשיידט מיט איר און אַוועק.

לידע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דער פאָטער איז פאַמע־לעך אַראָפּגעקראָכן פון בעט און איר אופגעעפנט:

— וווהין שלעפּסטו זיך אַרום אַזוי שפּעט? — האָט ער מיט אַ האַרבן בליק געפרעגט. — לידקע, עס זאָל זיך מער נישט איבער־כאַזערן, דו הערסט?!

ער איז צוריק אַריינגעקראָכן אין בעט און געבורטשעט אין קישן:

— די יוגנט איז היינט שטאַרק צעלאָזט... קיין שטרענג אויג ניטאָ...

III

— באָריס, שטיי אוף, הערסט דען ניט, שוין דער צוויי־טער פייף?

באָריס איז געלעגן איינגעהילט אין דער קאָלדרע און געשוויגן.

— באָריס! — האָט אים געוועקט די מוטער. — שטיי אוף!

ער האָט געמורמלט אין דער קאָלדרע:

— כ'וועל היינט אוף דער אַרבעט ניט גיין.

כאַנע האָט אים שוין מער נישט געוועקט. זי האָט געמיינט, אַז ער איז קראַנק, האָט זי אים, ווי טאָמיד אין אַזאַ פאַל, צוגע־רוקט די טובערעטקע צום בעט און אים אַ גלאָז טיי אוועקגע־שטעלט:

— באָריס, טרינק אויס אַ הייסע גלאָז טיי.

ער האָט אַרויסגערוקט פון דער קאָלדרע דעם טשופּ און מיט קאַעס אָפּגעשטופּט די טובערעטקע:

— וואָס לאָזטו מיך ניט שלאָפן! איך בין ניט קראַנק.

כאַנע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז עס מיט באָריסן. נעכטן איז ער זייער שפּעט געקומען אַהיים. איז וואָס?

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש עסן. בעשאַס זי האָט גע־טרונקען טיי, האָט באַ איר די שאָל אין דער האַנט געציטערט. זי

האט געקוקט פאַרטראַכט אין פענצטער און געוואָלט זיך אָנשטויסן, פאַרוואָס באָריס גייט הײַנט ניט צו דער אַרבעט.

ווען זי איז אַוועק צו דער אַרבעט, וואַשן גרעט, האט זי אָנגעזאָגט דעם זון:

— באָריס, וועסט זיך אָנוואַרעמען טיי. עסן שטייט פאַר דיר אין אויוועלע, אין טעפּל צוגעדעקט מיט א טעלער.

* * *

לידע האט מיט אומגעדולד געוואַרט, ווען ס'וועט זיך שוין ענדיקן די אַרבעט. זי האט געשאָטן ערד־מאַסע אין די מאָדעלן, געפּרעסט די ערד, זי זאָל שטײַפער זײַן און אויסבילדן די נויטיקע פאָרמע. זי האט עס געטאָן פאַמעלעך, געפּרעסט די ערד, ווי א באַלעבאָסטע קנעט טייג, ווי דער קאָפּ וואָלט איר שטאַרק וויי געטאָן.

לידע האט זיך איצט פאַרשאָלטן, וואָס זי האט זיך מיט באָריסן אָנגעהויבן. דאָס האט מען געקאָנט גוט זען נאָך אירע ציטעריקע הענט, וואָס האבן ניטווילנדיק געפּרעסט דעם פײַכטן זאַמד; דאָס האט מען געקאָנט זען נאָך איר פאַרגליווערטן פּנים, וואָס האט די גאַנצע צייט געקוקט אין איין ריכטונג.

נאָך אײַנדערפרי, ווען זי איז אַרײַן אין צעך און דערזען, אַז באָריס איז הײַנט ניט געקומען צו דער אַרבעט, האט זיך בא איר דאָס לײַב אָנגעצונדן. זי האט יעדער ווײַלע געמישטערט מיט די אויגן, אים געזוכט.

נאָך איידער עס האט זיך דערהערט דער פײַף, איז זי אַוועקגעלאָפן אין קאָנטאָר צו קלאַווען. יענע האט זיך שוין געקליבן אַוועקגיין. זי האט מיט אַן עק טיכעלע געפּודערט דעם שפּיץ נאָז און כיינעוודיק אַרײַנגעקוקט אין רונדן שפּיגעלע, וואָס אין רידיקול.

— אָ, קלאַוועטשקע, שוין טאַקע לאַנג ניט געזען! — איז לידע פאַרסאָפּעט אַרײַנגעלאָפן.

ווען קלאַווע האט ראַשיק פאַרקלעמט דעם רידיקול, האט איר לידע אונטער דער האַנט גענומען און זיך שטאַרק צעלאַכט:

— אוי, קלאַוועטשקע, האב איך דיר צו דערציילן אזא נייַעס, אז דו וועסט אזש פלאַצן פון געלעכטער...

זיי זיינען ארויס אין גאַס. א קאלטער הארבסטיקער ווינט האט זיי באַגלייט און נאָכגעיאָגט, די האָר זייערע צעפּאַטלט, ווי ער וואָלט זיך וועלן שפּילן מיט זיי אין פערדלעך: וויאָ, מײַנע לאָשיקעס...

— נו, וואס, דערצייל שוין, דערצייל, לאָמיר שוין הערן!

לידע האט זיך ווידער געוואָלט צעלאַכן, האט זי עפּעס אײַנגעהאלטן דעם געלעכטער אין זיך...

— יאָ, קלאַוועטשקע, הערסט, כ׳גיי אַנומלטן אין קלוב, באגעגנט מיך באָריס. קאָנסט דאך באָריסן, ער ארבעט מיט מיר אין איין צעך. נו, מיילע, אלציינס...

עפּעס האט זי זיך אָפּגעשטעלט און ניט געוווּסט, וואס ווײַטער צו זאגן. נישט אזוי אָנגעהויבן...

— יאָ, כ׳האב דיר גאר פארגעסן צו זאגן, באגעגנט ניטלאנג דײַן סטאַסיקן, האט ער מיר פאָרגעלייגט גיין מיט אים אין קינאָ...

ס׳האט זיך בא איר עפּעס אָנגעהויבן פּלאָנטערן אין קאָפּ, עפּעס האט זי געוואלט פאַרנאַרן קלאַווען מיט אַן אויסגעטראַכטער מײַסע, אָבער ס׳איז איר ניט געלונגען, קיין מוט נישט געקלעקט. זי איז גאר מיט באָריסן און סטאַסיקן אין קינאָ נישט געגאנגען.

אַפן ראָג, ווו זיי האבן זיך געדאַרפט צעשיידן, האט בא לידען אָנגעהויבן ציטערן דאס לײַב. די בושע האט איצט, אין דער רעגע, צוגערויבט בא איר דעם מוט. אָבער די פעסטקייט לידעס האט אויסגעשאָסן, ווי א קאָרעק פון א פלאַש שוימיק ביר:

— קלאַוועטשקע, וואַרט צו אביסל, כ׳דאַרף זיך מיט דיר וועגן עפּעס אייצענען... דער שלאַק, באָריס, האט מיר א צאָרע אָנגעטאָן...

קלאַווע האט זיך אינסטינקטיוו פאַרשעמט, זיך פאַרלאָרן און נישט געוווּסט וואס צו ענטפערן איר. אַף קלאַוועס פּאָנים האט זיך אומדערוואַרט באוויזן אַן אָנפלי פון א ראָזלעכער פאַרב און טייקעף פאַרשוווּנדן.

לידע האט זיך איצט געפילט פאַר איר כּאַווערטע אַזוי אומ־באַהאָלפן, ווי א קליין קינד. קלאַווען האט אָנגעהויבן עקלען לידעס איצטיקער צושטאנד, אבער זי האט דעם עקל לידען נישט ארויס־געוויזן און אים באהאלטן אין די ווינקלען פון די וויִעס. אין דער רעגע האט זי זיך דערפילט העכער פאַר לידען, אסאך העכער. זיי זיינען ביידע געשטאַנען א רעגע שוויַיגנדיקערהייט און די רעגע האט זיך פאַר לידען שרעקלעך אויסגעצויגן. קלאַוועס אויגן זיינען געווען אָנגעווענדט גליַיך אַף לידען, ווי מע קוקט אף זייער א פארדעכטיקטן פארשוין, און לידעס אויגן האבן נאר געקוקט אין איין ריכטונג — אַף א שטיינדל. מיטאַמאל האט קלאַווע שטאָלץ פאַרהויבן די קאָפּ, אויסגעקערעוועט דאָס פּאָנים אָן א זייט, און מיט א פארזשמורעט אייגל א זאג געטאן:

— נו, דריי זיך אליין אויס . . . פייַן!

דערנאך מיט פאַרביסענע ליפּן:

— אוי, לידקע, לידקע! . .

. . . דינע היַיטלעך האבן זיך אפּן הימל באַוויזן, דינע און מוטנע. דער הימל איז פון זיי געשוואָלן געוואָרן, געשוויצט, געשוויצט און דערנאך אָנגעהויבן אויספּויקן אף די דעכער א האַרבסטיקן, טריבן רעגן־מאַרש . . .

ווען זיי האבן זיך צעשיידט, האט קלאַווע געזאגט:

— לידע, דו לאָז ניט אראָפּ די נאָז, אלע יִינגלעך זיינען אַזוינע; זיי פילן נאר אין דעם מיידל דאס, וואס באַפרידיקט זייער נאַריִשן יִינגלשן דאָרשט, וויַיטער גארנישט . . . נאר דו שוויַיג אים נישט, דעם בופלאַקס, הערסט?

אין שטוב האט לידע צוגעגרייט וואַרמעס דעם פּאָטער און זיך אוועקגעלייגט אינעם אָנטאן אין בעט, מיטן פּאָנים אין קישן. זי האט נאר איַינגעדרימלט, איז געקומען איר פּאָטער פון זאַוואָד. אַ הויכער מיט א געגאָלטן פּאָנים, קליינע שפּיציקע וואָנצן און קיַילעכיקן קין. זינט איין צופאל, איז ער אָפּט אינדר׳היים אופגע־טראגן אף זיין טאָכטער, ווייל זי דערמאנט שטאַרק זיין פרוי, מיט וועלכער ער איז זיך פאַנאַנדערגעגאנגען. אבער אין זאוואָד פאַר־

געסט ער טאָמיד וועגן שטוב. אין זאַוואָד קוקט טאמיד ארויס פון זיינע שפּיציקע וואָנצן א ליבלעך שמייכעלע, וועלכס איז שוין די אַרבעטער געווינט באַקאַנט פון די פּילצאָליקע צעך־פּאַרזאַמלונגען, ווו דאס שמייכעלע פון די שפּיציקע וואָנצן טרעפט אָפּט מער, ווי דעם מייַסטערס אַ פּאָרוואורף...

נאָך אינדר׳היים ווערט דאָס שמייכלע פון אונטער די שפּיציקע וואָנצן אַנטרונען און פאַרוואנדלט זיך אין א מין איינגעהאַלטענער בייזקייט, ווארום ער האט זייער ליב די טאָכטער און וויל זי ניט באַליידיקן...

ער האט זיך אוועקגעזעצט באַם טיש, פאַרויכערט א ציגאַר, אסאַך רויך אין זיך איינגעזאָפּט, געלאזט געדיכטע רויך־פּאַסן און געקוקט מיט קאַעס אף דער טאָכטער:

— לידקע, קום עסן...

זי האט געענטפערט אין קישן:

— עס ווילט זיך ניט. עס אליין...

א געדיכטער פּאַפּיראָסן־רויך האט זיך געשלענגלט פון זיין מויל און נאָז:

— לידקע, זאלסט מיר אופהערן פראוועץ שטיק! דער מאמעס שטיק וועסטו מיר פּראווען?

די לעצטע ווערטער האבן אים אליין אופגערעגט. צוליב וואס האט ער עס געזאגט?

עס האט זיך אים דערמאנט:

— אָלגע, גיי צום טיש...

— כ׳וויל נישט, מיכאַיל, עס אליין...

יעדער עפּיזאָד שווימט פאַרבייַ זיינע אויגן אין געדאנק!..

— נו, וואס ביסטו ווידער אָנגעבלאָזן, אָלגע?

זי שווייַגט.

— נו, וואס ביסטו ווידער אָנגעבלאזן, פרעג איך דיר? (מיטן פויסט איבערן טיש א זעץ).

כאָטש רעד צו דער וואַנט.

— נעוויילע! וואס פאַרפעסטו מיר דאס לעבן... וואס צאפּסטו פון מיר דאס בלוט, — פרעג איך דיר!..

אָדער:

— מיכאַיִל... ס׳קומען אָן די יאָנטעוו־טעג... פּאַסכע... מע וואָלט געדארפט עפּעס אייַנקויפן, מאַכן זיך א פּאָר נייַע קליידער, אין קלויסטער זיך צוגרייטן.

— ניין!

צי:

— מיכאַיִל, מע וואלט געדארפט די שטוב אויסקאַלעכן, איקאָנעס אויסהענגען, קוילעטשן אָפּבאַקן...

— ניין, זאג איך דיר!

— מיכאַיִל, ס׳גייט צו פּאַסכע, מע וואלט געדאַרפט...

— קליפּע! טאָטשע מיך ניט!.. די איקאָנעס דיינע וועל איך אין מיסטקאַסטן ארויסווארפן... קאַלעכן די שטוב וועלן מיר שפּעטער, ווען ס׳וועט וואַרעמער ווערן... צום ערשטן מייַ.

און:

— אָלגע, קום מיט מיר אין קלוב... א ספּעקטאַקל...

אומזיסטע רייד.

— אָלגע, קום מיט מיר אין גאַס, א גאַנצן טאָג אין שטוב זיצטו דאָך!..

ווי אַרבעס אין וואַנט.

— אָלגע (א זעץ מיט דער טיר!), שטינק אין שטוב, אז דיר געפעלט אזוי!

א פלאַם־פייַער האט אויסגעשאָסן:

— א־אַ, אָט אזוי באַגייט מען זיך מיט א ווייַב... פון די פּאַרדריפּעטע קאָמוניסטן זיך שוין אויסגעלערנט... אָט אזוי האט מען ליב א ווייַב!..

פון שוועל א געשריי:

— גיי דיר צו אלדע רוכעס פון מיר, אז דיר געפעלט ניט! כ׳וועל זיך אַן אנדערע געפינען...

און מער נישט... מער האט ער זי נישט געזען... דערייבער טאַקע האט אים איצט שטאַרק אופגערעגט, וואס ער האט איר נאָמען דערמאנט, נישט געדאַרפט דערמאנען...

ער האט זיך אָנגעהויבן פּאַרקען בא די טעפּלעך, אַליין אלץ אַפן טיש ארופגעשטעלט און אומצופרידן געבורטשעט אין לעפל געקעכץ. לידע איז ניטווילנדיק אופגעשטאנען, זיך אוועקגעזעצט באם ברעג טיש און געגעסן פּאַמעלעך מיט א פאַרקרימט מויל, ווי א קראנקע. דער פאָטער האט בייז געקוקט אף איר מיט איין אויג...

## IV

אין גוסצעך א גערויש, ווי אין סאַמע שטאָט־צענטער. די הויבקראַנען זיינען געשוועמען געלאסן, ווי שיפעלעך, איינער נאָכן אנדערן און גערוישט ווי טראַמווייען. דער מאַשיניסט איז געשטאנען אפן בריקל, ווי א פייערלעשער אף דעם וואַך־טורעם, אויבנאָן און געשפּירט נאך יעדן הויבקראַן, וואס איז געשוועמען מיט שווערער לאסט.

מיטאַמאָל האט דער עלטסטער אין בלויע שאָפער־ברילן א פייף געטאָן, ווי מע פייפט אף א בעהאָלע. ארבעטער האבן זיך א שאָט געטאן מיט די שעפערס אָנגעטשעפעט אף לאנגע דראָנגען, ווי קאָטשערעס. דער עלטסטער האט מיט א געשריי און מיטן שפּיץ־אייזן די וואַגראַנקע דורכגעשפּיזט און ס׳האט א פליס געטאן זודיקער טשוהון, געשפּיגן מיט פונקען און געפליסט דורך דער רינגווע אַראָפּ.

ארבעטער האבן מיט גערויש די קאָוושן אונטערגעשטעלט, ווי ווייבער שטעלן אונטער עמערס אין א רעגן, און ס׳האט זיך נאָר געהערט:

— העי! העי!

מיט די לאנגע דראָנגען האבן זיי דעם שעפער זודיקן טשוהון געטראגן, דער טשוהון האט זיי די פּענימער געבלענדט, ווי א פּראָזשעקטער.

— העי! העי! — האבן געטומלט די גוס־ארבעטער, — העי, היט זיך!

נאכן אויסגוס האט דער עלטסטער אופגעעפנט „דאס אייגל״ פון דער צווייטער זייט וואַגראַנקע און ארויסגעלאזט דעם זודיקן, אומנוצלעכן שלאַק...

ווען באָריס איז געשטאַנען אין דער רײ אויף אָנעמען טשוהון פון דער וואַגראַנקע, האָט ער געקוקט אויף צוריק, דאָרט, וווּ ס'אַרבעטן די פרויען. אַן ארבעטער האָט אים א שטופּ געטאָן:

— הע, ארבעטן דאַרף מען, נישט קוקן אויף די ווײַבער! וועסט זיך נאָך באַוויַיזן אָנקוקן אויף זיי נאָכן שאַבּעס!

באָריס האָט אָבער אַלץ געקוקט, זיך אײַנגעקוקט אין יעדער פרוי באַזונדער, מיט די אויגן געשפּיזט, און דערנאָך א שפּײַ געטאָן און זיך אויסגעזידלט אין זיך:

— נישט געקומען, סטערווע!..

ער האָט הײַנט געאַרבעט גיך, געוואָלט, אַז די צײַט זאָל אוועקפליִען. אָבער די צײַט האָט זיך אומיסטן אײַנגעשפּאַרט, ווי אַן אייזל, און נישט געוואָלט זיך רירן פון אָרט.

ווען באָריס האָט דעם טשוהון צו זײַן אָרט אָפּגעטראָגן, האָט ער זיך קוים־קוים מיט א הוילער האַנט צום שעפּער צוגערירט און טייקעף אָפּגעלאָפן מיט פאַרביסענע ליפּן...

בעת ער איז מיט א פאַרבינטעוועטער האַנט פון צעך ארויסגעלאָפן, האָבן זיך אייניקע געבייזערט און געוווּרטשעט:

— פון אים אַזאַ ארבעטער, ווי פון מיר א באַלערינע...

— ווי א טויטן באַנקעס, אַלצײנס!.. נאָר ער פרעסט און טרינקט, אָט ווי א כײַע, אַלצײנס...

— מע דאַרף אים ארויסוואַרפן פון זאַוואָד, ווי דעם אָפּוואַרף, ווי דעם שלאַק פון וואַגראַנקע...

באָריס האָט גיך אוועקגעשפּאַנט צו לידען אַהיים, זיך דערוויסן, פאַרוואָס זי איז הײַנט צו דער ארבעט ניט געקומען. ווען ער איז ארײַן, האָט זי געדרימלט, זי האָט זיך דערשראָקן אופגעכאַפּט, פאַריכט די צעפּאַטלטע האָר:

— וואָס ווילסטו?

באָריס איז צוגעגאַן נעענטער צו איר:

— נו, וואָס? — האָט ער מיט א טעמפּן מיין געזאָגט.

לידע איז אָפּגעגאַן צום פענצטער, מיט דער פּלייצע צו אים זיך אומגעקערט. זי האָט מער ניט געוואָלט קוקן אויף אָט דעם

קרעפּטיקן, בּרייטבּרוסטיקן גאָרנישט. ער איז איר איצט געוואָרן נימעס און עקלהאפט, אָט אָ דער נעפּעש מיטן טעמפּן אויסדריק פון זײַן גרויסן פּאָנים און שפּיציקן סטאָרטשענדיקן טשופּ, וואס האט אזוי פאַרשעמט איר מיידלשן צאַפּל...

— לידקע, נו, וואס באַשלאָסן? פאָר אַוועק פונדאַנען, אַניט וועט דיר זײַן ערגער. און מיר אויך...

— נישט דײַן דײַגע! — האט לידע אויסגעשריגן — ווער האט דיך גערופן?!

איר ענטפער האט אים ווי א זעץ געטאָן אין פּאָנים און צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט.

ער איז צוגעלאָפן צו איר, געוואָלט זי אַרומנעמען, איז זי אים פאַרפאָרן מיטן פויסט אין פּאָנים ארײַן:

— וואָן פונדאַנען!..

איר מיידלשע קראַפט האט דערוואכט, אין דער רעגע האט זי שוין מער ניט געפילט דעם אינעווייניקסטן ווייטיק — יענעם ווייטיק, וואס האט בּאַ איר די יונגע מיידלשע פריידיקייט אָפּגערויבּט. זײַן נאַרישער פּאָנים איז אזוי געבליבן אומויסדריקלעך ווי פריער. גארנישט האט זיך פון איר קלאפּ ניט געמינערט. ער איז אַוועק.

...ס'האט אָנגעהויבּן טריפן א דינער רעגן, דערנאָך האבּן זיך באַוויזן איינציקע שניי־שטערנדלעך און אָנגעזאגט די פריידיקע בּסורע וועגן ווינטער. קינדער זיינען אין גאַס אַרויסגעלאָפן, אָנקוקן דעם ערשטן שניי, א האַנט אונטערשטעלן, כאַפּן א שניי־שטערנדל און באַטראכטן עס מיט גרויס פרייד...

בּאָריס האט געשפּאנט. ס'איז אים אלצײַנס: צי ס'טריפט א רעגן, צי עס גייט א שניי. ער האט געקוקט פאָרויס מיט אָנגעצונדענע אויגן און פאַרקילטן פּאָנים, דער שניי האט געפּודרעט זײַן שוואַרצן טשופּ מיט ווײַסינקע שפּרינקעלעך...

באַנאַכט האט בּאָריס ניט געקאנט אַנטשלאָפן ווערן, יעדער ווײַלע פלעגט ער זיך אופכאַפּן. עפּעס האט זיך אים געדאַכט, עפּעס האט זיך אים אויסגעוויזן.

ער איז אופגעשטאנען, צוגעגאַן צום פענצטער און דערזען:

א גראָע נאַכט. אנטקעגן זײַן הויז, אף א קופּע מיסט, האט א ווײַסער קודלאַטער הונט מיט א צעצויגענעם וואָיען אין דער נאַכט־טיפקייט געבילט. עמעצער — האט זיך אויסגעוויזן באָריסן, — רעדט צו אים, אבער ער האט קיינעם נישט געהערט און קיינעם נישט געזען. עס איז פאַר אים דורכגעשוווּמען לידקעס געשטאַלט, איר שלאַנקער קערפּער מיט די שוואַרצע ציגײַנערישע אויגן; ס'האט זיך אים אָנגעהויבן דרייען אין קאָפּ דאס שענקל, דער פאָטער זײַנער, און דאס אַלץ האט באַגלייט לידקעס א פּויסט. ער האט עס אַלץ געוואָלט פאַרבינדן אין איין געדאנק, פאַרקניפּן עס, נאָר נישט געקאנט. ס'האט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, איז ער ארויס־געלאָפן פון שטוב, דורך פינצטערע ליקן געשפּאנט, צו לידעס הויז צוגעגאנגען און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט.

עטלעכע ווערטער האבן זיך באַ אים געקניפּט און גלײַך איבער־געריסן. אבער ס'איז שוין געווען שפּעט. לידקע האט שוין אן אויס־וועג אָן אים געפונען...

לאנג איז ער באַ איר שטוב געשטאַנען, ביזן ערשטן פײַף, און דערנאָך צו דער ארבעט אוועק. אַפן וועג איז ער ארײַן אין סקווער און זיך צוגעזעצט אף עטלעכע מינוט אַפן באַנק אונטערן ברייטן נאַקעטן דעמב, וואס זיי זיינען אַמאָל איניינעם געזעסן. ער האט געפונען א שטיקל פאַרזשאַווערט אײַזן און גלאַט אזוי מיט דעם עפּעס אויסגעקריצט, אַפן באַנק...

אין עטלעכע טעג ארום, ווען לידע איז צו דער ארבעט געקו־מען, האבן די ארבעטערנס, וואס שטייען מיט איר באַ איין טיש, זיך איבערגערעדט:

— א כוואַט, לידע, אט אזוי! וואס זשע, זיך אַרומשלעפּן מיטן הונט?

— מע וואָלט באַדארפט אים נאָך ערגערס באַווײַזן... א צויגל זוכט מען נישט אין זאַוואָד — אין באָד־געסל שטייען זיי...

לידע האט געשוויגן. זי האט געפּרעסט די ערד־מאַסע אין מאָדעל ארײַן און געקוקט אין א זײַט.

בײסן איבערײַס, איז באָריס צוגעגאַן צו איר און אומבאַ האָלפן געזאָגט:

— לידקע...

לידקע האָט אַ קוק געטאָן אױף אים, אױף זײַן שפּיציקן טשוב, װאָס איז אַריבערגעקראָכן די אױגן, אױף דעם אומױסדריקלעכן גרױסן פּאָנים, װי אַ קעפּל קרױט, דורכגעשפּיזט זײַן מאָדנעם אױס־זען און געזאָגט:

— װאָס דאַרפסטו? טראָג זיך אָפּ!..

ער האָט געשטױנט. לידקע איז צוגעגאַן גאָר נאָענט צו אים, און פּאַר אַלעמען אין די אױגן אים אָנגעשפּיגן אַ פולן פּאָנים...

די בײַגעװעזענע האָבן אַ געלעכטער אױסגעשאָסן:

— אָ־אָ, אַ מײדל!.. אַ נו, לידקע, רײַב אים נאָכאַמאָל אָן אַ מאָרדע, אַזױ, אַז אַלע זאָלן זען...

באָריס איז, װי אַן אָפּגעבריטער מיט טשוהון, אַרױס פון צעך, אַװעקגעשפּאַנט איבערן לאַנגן זאַװאָדישן הױף...

יאַנואַר, 1928

# כ נ י אָ ק י ן

(א ש מ ײ כ ל)

**אין ערשטן קאַפּיטל באַקאַנען מיר זיך מיט כניאָ־קינס לעבענסגעשיכטע און מיט זײַן כאַראַקטער**

די ביאָגראַפיע פון מײַן העלד איז זײער אַ לאַנגע און אַ גרױסע. איסאַק איסאַקאָװיטשן קומט אָפּט אױס פּאַרפילן מעשונעדיק־גרױסע אנקעטעס און ער בײזערט זיך דערפאַר. דעריבער װעל איך זיך באַנוגענען מיט אַ קורצער פאַרנאָטירונג:

איסאַק איסאַקאָװיטשעס פאַמיליע איז כניאָקין. ער איז געבױרן געװאָרן און לעבט. כ'קאָן בלױז צוגעבן, אַז געבױרן געװאָרן איז ער צופעליק, װײַל די מוטער זײַנע האָט גאָר געװאַרט אַף אַ מײ־דעלע... אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן נאָכן פאָטער, װאָס האָט געװאָרפן דאָס װײַב נאָך פאַרן קימפּעט (דאַן איז נאָך די אַלי־מענטן־סיסטעם ניט געװען) און איז שפּעטער מיט אַ פּאָר װאָכן (נאָך אַלץ פאַרן קימפּעט) פּלוצים געשטאָרבן...

געבױרן געװאָרן איז כניאָקין פּונקט װי אַלע מענטשן װערן געבױרן, ניט געקוקט דערױף, צי װעט אים אין דער צוקונפט אױסקומען זײַן אַ דיכטער, צי אַ שוסטער, צי אַ טשינאָװניק. די ערשטע כאַדאָשים האָט ער זיך, װי אַלע נײַ־געבױרענע, געניערט מיט דער מאַמעס ברוסט, און שפּעטער האָט מען אים שױן אָנגע־הױבן פּאָיען מיט זיסער טײ, דערנאָך מיט מאַנע־קאַשע און דאָסגלײַכן.

עס איז אױך קעדײַ צו באַמערקן, אַז װען כניאָקין איז נאָך גאָר אַ קלײנינקער געװען, האָט ער שױן געהאַלטן דעם פינגער אין מױל און געטרױמט. די מוטער זײַנע האָט פון דעם טרױמען געפּרוּװוט פּאָרױסזאָגן, אַז איר קינד װאַקסט אַ גרױסער מענטש,

א גאָען; אז אזוי נאָר קאָן טראַכטן א קינד, וועמען עס איז באַשערט פון די וויקעלעך אָן זיין בארימט איבער דער גאָרער וועלט. ליידער, האט זי אָבער א טאָעס געהאט, די מוטער...

ווען כניאָקין האט שוין געטראָגן אף זיינע פלייעס א זעכצניאָריקן סטאַזש פון לעבן אף דער וועלט, האט זיך פונקט אין יענעם טישעבאָוו געטראפן אַזאַ צופאַל: כניאקין איז געזעסן אין בעסמעדרעש און געזאגט קינעס, איז צוגעגאנגען צו אים דער ראָוו און אים אָפגערופן אָן א זײַט:

— דו ביסט עס דעם פארשטאָרבענעם איציק-בערס זון?

— יאָ, — האט כניאָקין פארוואונדערט אָפגעענטפערט.

— אָי, — האט דער ראָוו ארײַנגערוקט ביידע הענט אין גאַרטל און געקוקט אינדערהויך, צו דער סטעליע — א ליכטיקן גאַניידן זאל ער האבן, איציק-בער!.. א זײַדענער ייִד געווען... און אַזאַ ווערסטו מיסטאַמע אויך זיין, האַ, קאַדעשל?..

פונדאַן אָן ביז היינט האט מײַן העלד אָנגעהויבן יעדן טישעבאָוו אַרומגיין אין שקאַרפּעטקעס און מיט טרויער אפן פּאנים. אזוי ווי אין אַנשטאַלט פּאַסט עס ניט, טוט ער יענעם טאג אָן שטעקשיך און גייט אין זיי ארום אף דער ארבעט, אין שטוב גייט ער אָבער ארום אין שקאַרפּעטקעס.

אזוי, אינאלגעמיין גענומען, גלויבט ניט כניאָקין אין גאט. דאס איז נאָר איין מאָל אין יאָר — טישעבאָוו.

* * *

איסאַק איסאַקאָוויטש (פון איצטער אָן וועל איך מײַן העלד ניט אנרופן מער כניאָקין) האט געדינט אין אַן אַנשטאַלט, וואס איז געווען — ווי אַלע ענלעכע אַנשטאַלטן אין יענער צייט — גראָב און אופגעבלאָזן, ווי טייג פאַרן זעצן עס אין אויוון... דאס הייסט, אַף יעדן שריט און טריט האט מען זיך געקאָנט אנשטויסן אַף אַן אָנגעשטעלטן מיט א טישל. איין אָנגעשטעלטער ענג נעבן צווייטן, ווי צוגעקלעפּטע. ווען מע דאַרף לייזן אינעם דאָזיקן אַנשטאַלט עפּעס א וויכטיקן איניען, מוז מען פריִער ארומוואַנדערווען

צווישן א וואלד פּאלשע כּיינדעלעך, שטרענגע וואָנצן, קליינע קעפּ, ווי אוגערקעס; גרויסע פּליכן, ווי א לעוואָנע; צעקנייטשטע פּענימער, ווי בּאַ אלטע טאַכריכים־נייטערקעס. דערנאָך ערשט קומט מען אָן צום לאַנגן פּארוואַלטער, קאַרל קאַרלאָוויטש, וואס וועט אייך איידל בּאגעגענען מיט זיין אייבּיק דין שמייכעלע אף די ליפּן און גראָבּן בּויך. קאַרל קאַרלאָוויטש וועט אייך אויך איידל אָפּשיקן צו איסאַק איסאַקאוויטשן. אז איר זײַט שוין מיט מאַזל דערגאנגען צו איסאַק איסאַקאָוויטשן, מעגט איר זיין זיכער, אז אײַער איניען וועט מירצעשעם דערליידיקט ווערן...

איסאַק איסאַקאוויטש האט זיך צווישן די אַלע אָנגעשטעלטע ניט אָנגעזען, פּונקט אזוי, ווי עס זעט זיך ניט אָן א מויז, ווען זי שטעקט בּלויז ארויס דאס קעפּל פון איר נאָרקע...

געווען איז איסאַק איסאַקאוויטש א נידעריקער מיט קליינע אייגעלעך, קליינער נאָז און גראָבּן קעפּל אפן שפּיץ נאָז, מיט לאַנגע אויערן און קליינעם אויסגעקראָכענעם קאָפּ.

געלעבּט האט איסאַק איסאַקאוויטש אין א גרויסער הויפּטשטאָט, וואס האט טאג און נאַכט גערוישט מיט בּלויע „פּיאַטן" און קליינע רירעוודיקע „פּאָרדן". פארנאַכט האט די שטאָט שימערירט אין בּלויקייט; אין די טעאטערן האט מען אופגעפירט וואָלוועלע אָפּערעטעס, ווו רײַכע מיליאָנערן ליבּן זיך אײַן אין אָרעמע מאַריעטעס און סילוועס... אין די מוזיק־כאָרן האבּן מיעסע פרויען אויסגעפּילט שיינע טענץ; אין די צירקן זיינען פלינקע קלאָונס, לײַכט ווי טויבּן, ארומגעפלויגן אין רויטע מאַלבּושים, ווי שיידים, מיט הערנער און אָן הערנער; אין די קלובּן האבּן מידע ארבּעטער און יוגנט פאַרבּראַכט בּאַ א צײַטונג, בּא א גלאָז טיי, בּאַ א פּינג־פּאָנג, בּא אַ בּוטל שוימיק בּיר און בּאַ אַ שאָך מיט קיניגס, קיניגנס און אָפיצירן.

דאס איז פאַרנאַכט.

בּאטאג האט די שטאָט גערוישט מיט האַמערס און מיט הובּלען. אף יעדער גאַס האט מען עפּעס געבּויט: אָדער א הויכן מויער, אָדער א שטאַל; אַספאַלטירט טראָטואַרן, פארבּרוקירט בּלאָטיקע וועגן.

די שטאָט האט געהודעט מיט סירענעס פון אירע מעכטיקע זאַ־ וואָדן און פאַבריקן. די שטאט האט געזונגען דורך ראדיאָ אוק־ ראַיִנישע פאָלקסלידער, געזונגען הויך און געשמאַק, ווי עס זינ־ גען עס שיקסעס און פאַרובקעס באַנאַכט בא א צעלייגטן שײַ־ טער... די שטאָט האט געהילכט אַף אַלע גאַסן מיט פריידיקן געפילדער, נאָר איסאַק איסאַקאוויטשן איז דאס אַלץ געווען אזוי ווײַט, ווי דער אינזל יאַוואַ, ווי דער טײַך מיסיסיפּי און ווי בירע־ בידזשאַן...

דער אַנשטאַלט, ווו איסאַק איסאַקאוויטש האט געדינט, איז גע־ ווען א פּוכיקער: האט געטראגן דעם נאמען „פוך און פעדערן". איסאַק איסאַקאוויטש האט דאָ געדינט פאַר א רעגיסטראַטער; ער האט רעגיסטרירט פאַרשיידענע בריוו, וואס קומען אָן און גייען אוועק פונעם אַנשטאַלט.

דער אַנשטאַלט איז געווען ארום אין ארום פאַרוויקלט אין פוך און אין פעדערן; איז אים געווען גוט, דעם אַנשטאַלט, גוט און ווייך צו ליגן אין די פעדערן, ווי ס'איז ווייך א יִדענע צו ליגן אַף א גראָבער פערינע... געהאט האט דער אַנשטאַלט זיינע פי־ ליעס אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך; ער פלעג עקספּאָר־ טירן גאנצע פאַרטיעסווייז פוך און פעדערן: גענדזענע און הינערשע, און מאַכן פארשיידענע אָפּעראַציעס.

איסאַק איסאַקאוויטש האט פון די פארשיידענע אָפּעראַציעס נישט געוווסט און נישש געדאַרפט וויסן. ער האט בלויז געוווסט זיין אייגענעם אָפּגעקראָכענעם טיש, שטול, זיין הענטל־פען און טינטער.

איסאַק איסאַקאָוויטש האט טאָמיד באַזוכט יעדער אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון זיין אַנשטאַלט און איז געזעסן ביזן סאָף, אַפילע דאַן, ווען מע באַהאנדלט שוין די לעצטע פונקטן פון די „לויפנדיקע פראַגן" און אַלע אָנגעשטעלטע שטייען שוין באַם טיר אַף אוועקצולויפן... ער פלעגט ערשט פאַרלאזן די פאַרזאַמלונג דאַן, ווען דער פאָרזיצער האט זי שוין דערקלערט פאַר געשלאָסן, ווען אַלע בײַגעוועזענע זיינען זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען און

דער וועכטער האט אויסגעלאשן די עלעקטרע, עס זאל אומזיסט ניט ברענען.

איסאַק איסאַקאוויטש איז שטענדיק געזעסן א שוויַיגנדיקער, ווי ער וואלט דאָרט אינגאנצן נישט געווען. ער פלעגט קיינמאל קיין וואָרט נישט נעמען, קיינמאל נישט דערווידערן קעגן וועל־כער עס איז קאַנדידאַטור, אויסער פון יעווסיי מאַיסייעוויטש, וועגן וועמען מירן אייך שפּעטער דערציילן.

יעדן טאג פלעגט איסאַק איסאַקאוויטש אָפּזיצן אין זיין אַנ־שטאַלט פּונקט זעקס שאָ און אמאל מערער. גלייַך ווי ער פלעגט קומען צו דער אַרבעט, פלעגט ער פריִער פאר אַלץ א נישטער טאָן מיט די אייגעלעך, צי האט זיך גארנישט פאר דער נאַכט נישט געענדערט; דערנאָך פלעגט ער זיך אוועקזעצן בא זיין היגקענ־דיקן אָפּגעקראָכענעם טיש, צורוקן צווישן די פיס דעם קאָרב, ווו־הין ער דאַרף וואַרפן די פּוסטע קאָנווערטן, אריינעמען אין מויל דאס הענטל־פען, קעדיי ער זאָל נישט פאַרגעסן ווו עס ליגט; דערנאָך פלעגט ער זיך נעמען פאַנאַנדערקוקן און פאַרשרייבן די בריוו אין די גראָבע, פאַרשמאָלצענע ביכער פון דער אַנשטאַלט־קאַנצעליאַריע.

זייער אָפט פלעגט איסאַק איסאַקאוויטשן אויסקומען זיך לאַנג פאַרטראַכטן אַף א בריוו; אין דעם פאל פלעגט ער ארויסנעמען דאס הענטל־פען פון מויל און עס אוועקלייגן אפן רעכטן אויער, קעדיי ער זאל עס אָנזען מיטן לינקן אויג (מיטן רעכטן האט ער אביסל נישט דערזען), ער פלעגט אָנעמען זיך מיטביידע הענט פאַר זיין אויסגעקראָכענעם קאפּ און לאַנג, לאַנג קוקן אף דעם בריוו, ווי א שרייבער אן אָנהויבער אף זיין ערשט־געדרוקטער זאַך; אז די אויסיעס פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין א כוואַליע און אָפּשווימען פון אויג און געדאַנק, פלעגט ער זיך ערשט, איסאַק איסאַקאָוויטש, כאפּן, אז דער בריוו איז גאר אדרעסירט נישט צו זיין אנשטאַלט און ער האט אומזיסט געפּאַטערט אזויפיל צייט. פון לאַנגן קוקן און טראַכטן וועגן בריוו פלעגן באַ איסאַק איסאַקא־וויטשן אָנהויבן וויי טאָן די אויגן און ס׳פלעגט אים אָנהויבן גע־

שוואַלן ווערן דער שטערן, פונקט ווי כעוורע וואָלט מיט אים געשפּילט אין באַרלעך, צי אין ניסלעך און אים יעדערער געגעבן צו היפּשע עטלעכע שנאָל אין שטערן אריין...

ס'פלעגט אויך טרעפן, אז יעווסיי מאָיסייעוויטש, וואס ארבעט באַ איין טיש, פלעגט „ניטווילנדיק" זיך אדורכשפּאַצירן מיטן עק עלנבויגן איבער איסאַק איסאַקאָוויטשעס פּאַפּירן, א שאָקל־טוענדיק דערבײַ דעם טיש און אוועקשאַרן באַ אים א פּאָר בריוו, צי דאס הענטל־פּען, דאַן פלעגט זיך טאָן כוישעך... איסאַק איסאַקאָוויטש פלעגט עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד ארומלויפן איבערן אַנשטאַלט מיט צעשפּרייטע הענט, ווי א גאַנדז די פליגל, און זוכן דאס הענטל־פּען, וואס געפינט זיך דאַפקע באַ אים אפן טיש, נאָר פארלייגט מיט אנדערע פּאַפּירן. איסאַק איסאַקאָוויטש פלעגט שיטן מיט קלאָלעס און כעראָמעס אף וואס די וועלט שטייט.

— אָט דער גאָרנישט וואס ער איז, אָט דער אַמאָרעץ!.. דאס ווייסט ער, אז ווען ער איז נאָך געווען א סטראָמפּ, האָב איך שוין אָנגעפירט מיט אַנשטאַלטן... (קיינער ווייסט עס ניט. פּ. ס.) דאס ווייסט ער, אז ווען ער איז נאָך געלעגן באַ דער מאַמען אין בויך, האָב איך שוין...

אַגעוו, דאַרף איך באַמערקן, אז דאס הענטל־פּען האט אין אַנשטאַלט „פּוך און פעדערן", ווי אין אסאַך ענלעכע אַנשטאַלטן, געשפּילט א גרויסע ראָלע. די אָנגעשטעלטע און באזונדערס יעווסיי מאָיסייעוויטש האָבן געהאט א טעווע, אז אויב זיי טוען ערגעץ אַהין זייער הענטל, שלעפּן זיי עס צו באַ אַן אנדערן.

אין אַנשטאַלט האט מען איסאַק איסאַקאָוויטשן פּײַנט געהאט, פּונקט אַזוי ווי ער אַליין האט פיינט אַלע אָנגעשטעלטע אויסערן פּאַרוואַלטער. פאַרן לעצטן האט איסאַק איסאַקאָוויטש שרעקלעך מוירע געהאַט, ווי א מויז האט מוירע פאַר א קאַץ... ער האט אבער געציטערט פאַר קאַרל קאַרלאָוויטשן ביז דאַן, ביזוואַנען יענער איז פּאַרוואַלטער. ווערט ער אויס פּארוואלטער, וואלט שוין איסאַק איסאַקאָוויטש דרייסט געטײַנעט:

— קאַרל גאָנערמאַן (אויס „קאַרל קארלאָוויטש״), אַט דער גאָר־נישט וואָס ער איז... אויך מיר א פּאַרוואַלטער! קיין שמעק־טאַבעק איז ער נישט ווערט און רוקט זיך אָנפירן מיט א האַמוין!..

נאָר קאָלזמאַן קארל קארלאָוויטש איז נאך פארוואַלטער, באמיט זיך איסאַק איסאַקאָוויטש דער ערשטער ארויסכאַפּן דעם „גוטמארגן!״, וואס קארל קארלאָוויטש ווארפט נאך אפּן שוועל אלע אָנגע־שטעלטע, — איסאַק איסאַקאָוויטש שיסט גלייך דער ערשטער אויס דעם „גוט־יאָר!״. די איבעריקע אָנגעשטעלטע האט איסאַק איסאַ־קאָוויטש זייער פּיינט, און ווען ער האט די געלעגנהייט, כאַפּט ער א קוק פונהינטן, ווי יענער זיצט אפּן בענקל און צי קריכן בא יע־נעם נישט ארויס די האָר פון קאָפּ...

איין מענטש שטייט איסאַק איסאַקאָוויטשן ווי א קלאָץ אינמיטן וועג — דאס איז די צוקלייבערן, קלאַרע, וואס האט א לאנגע נאז און וואלט געדארפט האבן, לויט איסאַק איסאַקאָוויטשעס מיינונג, אַביסל א קורצערן צונג... טאָמיד, ווען זי גייט פארביי זיין טיש, שנייצט זי אויס מיט ראַש די נאָז און צערייבט אפילו ניט מיט דער פוס... פאר דעם בייזערט זיך זייער איסאַק איסאַקאָ־וויטש און מאַלעגיירעט עטלעכע מינוט נאכאַנאַנד, ווי א בעהיימע, דאָס וואָרט „קולטור״ מיט דריי אויסרופצייכנס און פיל פּונקטן.

צו איסאַק איסאַקאָוויטשעס שטריכן געהערן נאָך:

1. באַם לייענען א ביכל, צי אַ צייטונג (דאס און יענץ — א זעלטנקייט) האט איסאַק איסאַקאָוויטש א טעווע זיך צוטוליען גאָר נאָענט מיטן גאנצן גוף, נאָז, פּאָנים אוןביידע אויגן צום ביכל, ווי ער וואָלט דאָרט טאָמיד געזוכט די רעזולטאַטן פון דער מע־לוכישער האַלוואָע און שוין אפריער געזען די גרויסע געווינסן פאר די אויגן.

און: —

2. באַם באַקענען זיך מיט א מענטשן, גייט אים איסאַק איסאַ־קאָוויטש טאָמיד אנטקעגן מיטן גאנצן לייב און שטויסט אָן זיין בויך אָן יענעמס, ביזוואַנען דער לעצטער מוז זיך פּאָרזיכטיק, נישט צו באמערקן אפּרוקן אביסעלע אף צוריק אָדער אָן א זייט...

* *
*

איסאַק איסאַקאָוויטש האָט אויך געהאַט אַ ווײַב, נאָר אָן קינ־דער. די סיבעס דערפון זיינען אַלעמען פון די אנגעשטעלטע באַ־ווּסט און דעריבער לוינט זיך נישט איבערכאַזערן. דער מעכאַ־בער וויל נאָר באַמערקן, אַז איסאַק איסאַקאָוויטש האָט ביכלאַל זייער פיינט געהאַט קינדער, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס מיר אַלע האַלטן, אַז „קינדער זיינען די בלומען פון קאָמוניזם".

דאָס ווייב איז געווען אַ שטילע, נאָר געהאַט האָט זי צו אַ הויכע שטים, וואָס האָט זייער נערווירט דעם מאַן. אינאַלגעמיין איז זי געווען אַ שטילינקע, ווי אַ טײַבעלע. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין זיינע אַנשטאַלט־איניאָנים, כאָטש איסאַק איסאַקאָוויטש פלעגט איר זייער פיל דערציילן וועגן דעם. באַזונדערס פלעגט ער איר דערציילן וועגן יעווסיי מאַקסייעוויטשן, וואָס האָט אַ מיִעסע טעווע, פאַרשאַרן באַ אים אָפט ניטווילנדיק (כניאָקין איז אַף געוויס איבערצייגט, אַז ווילנדיק) מיטן עלנבויגן דאָס הענטל־פען,— דאַן דאַרף ער עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד אַרומלויפן און עס זוכן. ער טאָר דאָך ניט פאַטערן ליידיק די ארבעטס־צייט, ווײַל אַז קאַרל קאַרלאָוויטש זאָל, כאָלילע, דערזען, וואָלט ער עס שוין מיסטאָמע אויסגעטײַטשט ווי פּוסטעפּאַסעווען. און ווי קאָן דאָס גאָר געמאָלט זיין, אַז ער, איסאַק איסאַקאָוויטש, פּוסטעפּאַסעוועט?..

ער דערציילט אויך זיין ווייב וועגן דעם, אַז די צוקלייבערן, קלאַרע, האָט פאַר אים קיין שום דערעכערעץ ניט און שנייצט אויס לעם אים די נאָז און צערייבט אפילע נישט מיט דער פוס...

נאָר די ווייב רייסט טאָמיד איבער איסאַק איסאַקאָוויטשן מיט אַ ווילדן אויסגעשריי, ווײַל עס איז שוין נימעס יעדן טאָג אויסצו־הערן די אָנקלאָגעס אַף יעווסיי מאָקסייעוויטשן און דער צוקלײַ־בערן. הויבט זי באַלד אוף איר שטימעלע:

— איציק! איציק! איציק! (דרײַ מאָל).

— גענוג! גענוג!! גענוג!!! גענוג!!!! גענוג!!!!! (פינף מאָל) אַז איך וויל שוין מער דאָס ניט הערן, דו הערסט?! אַז עס קריכט שוין מיר מאַמעש פון האַלדז, דו זעסט?

זיין ווייב האט אויך ווייניק געלייענט ליטעראטור סיי יידישע און סיי רוסישע. און עס האט איר ניט געאַרט טאָמער צעבליט זיך טשעריאָמוכע אין אַלימענטן, צי אין אַן אַנדער זאַך...

געהייסן האט זי, דאס ווייב, יענטע, נאָר זי איז קיין יענטע נישט געווען. פאַרקערט, ווי דער מעכאַבער האט שוין אנגעוויזן, איז זי געווען א שטילע ווי א טייַבעלע. געלעבט האט דאס פּאָר־פאָלק אויך שטיל און באַשיידן, און אויב זיי האבן זיך אמאָל געקריגט, איז אויך ניט איבער גרויסע פאַמיליע־איניאָנים, נאר איבער קלייניקייטן. לעמאשל, יענטע פלעגט טאָמיד באַמערקן איר מאַן, אז עפּעס צו גיך רייסט זיך בא אים אָפּ די קנעפלעך פון זיינע מאַלבושים. איז עס געווען זומער, האט ער געהאט פאר איר אַ גאַנץ קאָנקרעטן ענטפער:

— ס'איז הייס, יענטע, ס'איז הייס, יענטע.

איז עס אבער געווען ווינטער, האט ער געהאט פאר איר נאך אַ קאָנקרעטערן ענטפער, אַז ביכלאל פארקויפט מען איצט אין די „אַרבקאָאָפּן" אַזעלכע אָנצוגן, וואס זייערע קנעפלעך רייסן זיך אָפּ יעדער האלבע שאָ און די נעט צעקריכן יעדען מיטוואָך און דאָנערשטיק... אַזוי זיינען צווישן פּאָרפאָלק קיין קריגערייַען קימאַט ווי נישט פאָרגעקומען, אויב ניט רעכענען אייניקע פאַלן, ווען איסאַק איסאַקאָוויטש איז געווען שטאַרק אָפּאָזיציאָנעריש געשטימט צו זיין פרוי און זי צו אים, צוליב פארשיידענע סיבעס, ווי עס טרעפט צווישן ווייב און מאַן.

**אינעם צווייטן קאַפּיטל וועלן מיר זיך באַגעגענען מיט אונדזער העלד אין א סקווער אַפן טעאַטראַל־פלאַץ צווישן צוויי דענקמאָלן, און דאָרט וועלן מיר זיך מיט אים געזעגענען אף אייביק**

דאָס לאַנד האט זיך נעכטן און אייערנעכטן אָוונט געפוצט, די גאַסן ריין געמאכט און אף יעדער גאס א רויטע פאָן אופגעהאַנגען.

דאָס לאנד האט נעכטן און אייערנעכטן אָוונט געראשט; אף די הויפטגאַסן — טריבונעס נייַנקע געמייַסטרעוועט, ארום די

טריבונעס — גירלאַנדעס יאָלקע־צווייגן געצויגן, איבער אלע מויערן פונויבן־אַראָפּ און איבער אלע זייטן די צווייגן מיט פילפאַרביקע לעמפּלעך באפּוצט, אַז זיי זאָלן שווימען, די לעמפּלעך, איגדערלופטן און פינטלען אינדערפינצטער.

די שטאָט האט נעכטיקן אָוונט געראַשט, עלעקטרישע ליכט האט זיך שיין יאָנטעווודיק אף יעדער גאַס געגאָסן. די מעכטיקע זאַוואָדן און פאבריקן האבן נאָך העכער זייערע העלדזוער אויסגעצויגן און אויסגעקוקט די שטאָט פון אלע זייטן.

א שוסטער האט דעם שוך, וואס ער שטעלט טאָמיד ארויס אין פענצטער, היינטיקס מאָל אין רויט פּאַפּיר איינגעוויקלט; א קירזשנער האט צו זיינע היטלען רויטע סטענגעס צוגעטשעפּעט; קראָמען האבן צווישן זייער סכוירע רויטע לעמפּלעך אַריינגעשטעלט, און אינמיטן — פּאָרטרעטן פון פירער. אַף די העכסטע מויערן פון שטאָט דרייען זיך גרויסע פילפאַרביקע פייער־רעדער און שימערירן. און אין די פאַרבן — פעטע ציפערן צוויי:

„10 יאָר".

צען יאָר אָקטיאַבער.

... דער אַנשטאלט „פוך און פעדערן" האט זיך אריינגעגאסן אין דער אלגעמיינער שטאָט־פּראָצעסיע, וואס האט היינט פאַרפלייצט אלע הויפטגאסן.

איסאַק איסאקאָוויטש, וואָס מיר ווען פון איצט אָן אָנרופן מיט זיין פאמיליע־נאָמען, כניאָקין, איז געגאנגען נעבן יעווסיי מאָיסייעוויטשן. ער האט זיך פארטראכט וועגן דעם גרויסן יאָנטעוו, וואס דאס לאנד פייערט היינט, און איז געקומען צו אַזא אויספיר:

— היינט איז א גרויסער יאָנטעוו פון אָקטיאַבער — עמעס. דער אָקטיאַבער האט פון קליין געמאַכט גרויס און פון גרויס — גאָרנישט. — ריכטיק. דער טרעסט „פוך און פעדערן" פירט אָן מיט אַלע זיינע אַנשטאַלטן? — יאָ. באַפוילט זיי אלעמען טאָן: אזוי און אַזוי? — ריכטיק. קאַרל קארלאָוויטש פירט אָן מיטן אנשטאלט „פוך און פעדערן", — עמעס. באַפוילט זיי אלעמען טאָן אַזוי און אַזוי — ריכטיק. נאר וואס איז, אַשטייגער, קאַרל קאַרלאָוויטש אליין?

וואָס איז, אַשטייגער, קארל קארלאָוויטש אָן דעם אַנשטאַלט? צי, לעמאָשל, וואס איז אַן אַנשטאַלט אָן א רעגיסטראטער?

אָט האָט, לעמאָשל, דער טרעסט „גענדזענע שמאַלץ" צוגעשיקט דעם טרעסט „פּוך און פּעדערן" פּאַראַיאָרן א גרויסע באַשטעלונג אַף פּוך און אַף פּעדערן און וויל זי הײַיאָר אפּסנײַ באַנײַען אַף דיזעלבע טנאָים, וואָס פּאַראַיאָרן, נאָר סטאָפּ!.. פאַרגעסן דעם נומער...

צו וועמען ווענדט מען זיך דאַן, האַ? צו קארל קארלאָוויטשן? (ער איז ניט מעכוייעוו געדענקען יעדן נומער, ביפראט נאָך וואס מיט א כוידעש צוריק) צו ראָזאַליע מארקאָוונע? (אגעוו, יאָ, איר קענט זי ניט. זי איז דא סעקרעטארן. א הויכע אזא, מיט געדרײדלטע האָר, מיט 10 לאקירטע נעגל און צוויי שווארצע אייגעלעך — אוי, די אייגעלעך!.. גאט אין הימל, דערבארעם זיך נאָר אַף זיי!.. נאר דאס איז ניט וויכטיק, ווייל כניאָקין האט סײַווי די אייגעלעך נישט באַמערקט...) ניין, צו ראָזאַליע מארקאָוונע וועט מען זיך אויך ניט ווענדן, ווײַל עס ליגט איר זייער אין קאָפּ...

איז צו וועמען זשע?

פּאַרשטייט זיך, אז צו כניאָקינען. ער וועט טייקעף ארופלייגן דאס הענטל־פּען אפן רעכטן אויער, איבערבלעטערן א פּאָר אַלטע קאַנצעליאַרישע ביכער און וועט שוין איבערצייגנדיק אונטערברומען: „באַלד, באַלד, נאך א רעגעלע..." און נאָך א פּאָר מינוט זוכעניש שרייט ער אויס דעם געפונענעם נומער מיט גרויס פרייד, ווי ער וואָלט עפּעס אַנטדעקט א גוואַלדיק־גרויסע זאַך:

— 12.135!

און כניאָקין נעמט באַלד אַראָפּ דאָס הענטל־פּען פון אויער און שרייבט אָן אַף א שטיקל פּאַפּיר, פלײַסיק, יעדער ציפער זאָל שײַנען:

— 12.135.

ווי כניאקין האט אַזוי געשפּאנט פּאַרטראַכט, האט יעווסיי מאָיסייעוויטש צופעליק באַמערקט (יענער באמערקט באַלד אַזעלכע

זאַכן), אַז בא אַלע אָנגעשטעלטע פון „פוך און פעדערן" שײַנען אַפן ברוסט רויטע סטענגעס און באַ כניאָקינען — ניט. און יעווסיי מאָיסייעוויטש האט באַלד א שטורכע געטאָן זיין שאָכן אין זײַט אַריין:

— זע נאָר, כניאָקין האַלט, ווײַזט אויס, אינגאנצן ניט פון אזאַ יאָנטעוו... ער וויל גאָר, ווייזט אויס, קיין רויט סטענגל ניט אָנ־טשעפּען...

און עס האט זיך באַלד אוועקגעקײַקלט איבער די רייען:

— אים איז אַלציינס, די ראַטנמאַכט, צי...

... און ווען קאַרל קאַרלאָוויטש האט אומגעקערט זיין קאָפּ אַף הינטן, האט עס כניאָקינען, ווי מיט א בענקל אין קאָפּ א זעץ געטאָן...

— טשעפּעט אים ניט, כויזעקט ניט פון אים — האט קאַרל קאַר־לאָוויטש א שושקע געטאָן זיין שאָכן,— זאָגט אים נאָר, זאָל ער גיין אָנטשעפּען א רויט בענדל... עס פּאַסט ניט...

און ווען דידאזיקע ווערטער פון מויל צו מויל האבן סאָפּקאָל־סאף זיך דערקייקלט צו כניאָקינען, האט ער א דערשלאָגענער אָנגעהויבן צוביסלעכווייז אָפּשטיין; ער האט זיך אומגעקערט אין אַנשטאַלט נאך דער רויטער סטענגע, וואס ער האט נאך נעכטן אָנגעגרייט אין טישקעסטל, נאר פארגעסן זי מיטנעמען.

נאָר לאַנג איז כניאָקינען אויסגעקומען קלאַפּן אין די טירן פון זיין אַנשטאַלט. ווייל אַלע אָנגעשטעלטע זיינען דעם טאָג ארויס אַף די גאַסן, פייערן דעם גרויסן יויוול. איז ער געשטאַנען, כניא־קין, אַזוי ביז אָוונט, און אז ער האט דערזען, קיינער עפנט אים ניט, איז ער אַוועק אַהיים...

... אינאָוונט האט די שטאָט מיט פיל פאַרבן זיך איבערגעוווּנ־קען: רויטע, בלאָווע, גרינע...

אינאָוונט האט די שטאט מיט ברענענדיקע פאַקעלן געשפּאַצירט, ראַקעטן געלאָזן הויך און שיין, ווי א רעגנבויגן, נאָר כניאָקינען האט דאס אַלץ ניט גערירט... כניאָקינען האט שטאַרק פארדראָסן די מײַסע מיטן רויטן סטענגל, כאטש עס איז, עמעס גערעדט, א

קלייניקייט, נאָר דאָך... מאַלע וואָס מענטשן קאָנען נאָך פון דעם אויסטײַטשן! — „אויב ער טראָגט ניט קיין רויטע טענגעס אויף דער ברוסט, איז ער מיסטאָמע נאָך אַ פאַרבליבענער ווייסגוואַרדייעניק, צי אַ קאָנטער־רעוואָליוציאָנער"... און אַזוי גייענדיק אַהיים האָט כּניאָקין אַפן וועג פאַרבלאָנדזשעט אין אַ סקווער.

* * *

דאָ וועלן מיר באַלד אַרויסטראָגן די נויטיקע בוטאַפאָריע אין דרויסן און מיר וועלן אוועקשטעלן דעם ווייזער אויף „9".

פון רעכטס וועלן מיר אויפהענגען די לעוואָנע, די וואָלקנס וועלן מיר מאַכן געהויקערט, עס זאָל זיך כּניאָקינען אויסדוכטן, אַז בערג ליגן אין הימל, הויכע בערג. מיר וועלן היינט אויך בעטן אַלע „האַפקעס", אָט די שיינע און פּראָסטע כּיינעוודיקע דאָרפישע מיידלעך, וועמען די שטאָט האָט מיט אַזאַ ניט שיינעם נאָמען גע־קרוינט — וועלן מיר זיי היינט אַלע בעטן פאַרלאָזן דעם סקווער, ווײַל דאָ דאַרף איצט פאַרברענגען כּניאָקין און טרוימען וועגן וואָס אים גלוסט זיך...

דער סקווער איז פּוסט און פינצטער, ווי ס'איז פּוסט און פינצ־טער אין אַ גרויסן צושויער־זאַל נאָך אַ ספּעקטאַקל. די „האַפ־קעס", אָט די פּראָסטע, כּיינעוודיקע שטוב־אַרבעטערנס, וואָס פאַרכאַפּן טאָמיד אויך פּראָסטע, קאָרענע רויטאַרמייִשע הערצער, זיינען היינט גראָדע ניטאָ; דעריבער זיצט זיך דאָ כּניאָקין איינער אַליין צווישן צוויי דענקמאָלן.

אַפן קאַלענדאַר שטייט: „ליסטאָפּאַד", אַפן ווייזער: „9" און כּניאָקינס פּאָנים איז פאַרצויגן מיט אַ מאָדנעם שלייער פון טרוי־מען, דער שטערן איז בעשאַס־מײַסע באַ אים געקנייטשט, די אויגן אויסגעגלאָנצט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, געזוכט עפּעס אַזוינס, וואָס מע קאָן עס מיט די הענט נישט אנטאַפּן.

כּניאָקין איז עטלעכע מאָל דורך איבערן סקווער, נאָר ער האָט קיינעם נישט באַגעגנט. ער האָט אַרומגעשפּאַנט פון איין דענקמאָל צום אַנדערן און אַליין ניט געוווּסט, וואָס טוען זיי איצט אין סקווער,

אָט די צווײ בראַנדזענע מענטשן... און פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן אײנעם פֿון זײ. ער האָט דערזען בײַ אים אַ ביכל אין דער האַנט און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז גאָר אַ רעגיסטריר־ביכל.

דער מענטש האָט מיסטאָמע אין לעבן געמוזט זײַן אַ וועלט־באַרימטער רעגיסטראַטער... און דאָס האַרץ האָט כניאָקינען אַ טיאָכקע געטאָן פֿאַר גרויס פֿרייד, וואָס ער האָט געפֿונען באָטש אײן מענטשן, פֿאַר וועמען ער וועט קאָנען אויסגיסן זײַן האַרץ...

און כניאָקין האָט אָנגעהויבן רעדן צום דענקמאָל, דערצײלן אים אַלץ, וואָס עס טוט זיך בײַ זײ אין אַנשטאַלט „פּוך און פּעדערן" און אין שטוב. ווען כניאָקין האָט דערפֿילט, אַז דער מענטש, צו וועמען ער רעדט, שווײַגט, שלאָגט אים ניט איבער, האָט ער אים נאָך מער אָנגעהויבן דערצײלן, און פֿון סאַמע אָנהויב, — פֿון דעם, אַז ער אַרבעט אין אַנשטאַלט „פּוך און פּעדערן" בײַ אײן טיש מיט יעווסײ מאָיסײעוויטשן, וואָס האָט אַ טעווע אַ פֿאַרטשעפּע טאָן מיטן עק עלנבויגן זײַנע אַלע פּאַפּירן און אַוועקשאַרן זײ ערגעץ צוזאַמען מיטן הענטל־פּען...

ווען כניאָקין האָט שוין גוט באַמערקט, אַז דער מענטש, צו וועמען ער רעדט, שווײַגט אינגאַנצן, האָט ער זיך נאָך מער צערעדט, זיך אָנגעהויבן פּאַוואָלי באַרימען, אַז קאַרל קאַרלאָוויטש האָט אים צוגעזאָגט, אויב עס וועט זיך אים אײַנגעבן פֿאַרברײטערן זײַן אַנשטאַלט „פּוך און פּעדערן", וועט ער כניאָקינען מאַכן פֿאַר אַן אָנפֿירער פֿון דער גאַנצער רעגיסטראַטור און דאַן וועלן אים שוין אַלע רופֿן בלויז אַפֿן פֿאָטערס נאָמען — „איסאַק איסאַקאָוויטש" (אַזוי רופֿן אים אַלע פּאָשעט אויף דער פֿאַמיליע: „כניאָקין". — כניאָקין, גײ נאָר, קאַרל קאַרלאָוויטש רופֿט דיך!..); דאַן וועט ער שוין ניט דאַרפֿן זיצן אַ גאַנצן טאָג אויף אײן אָרט, נאָר ער וועט שוין אַרומגײן פֿאַרלײגט די הענט אין די קעשענעס, אַרומגײן און פֿלאַנעווען, פּלאַנעווען און באַפֿוילן... ווען כניאָקין האָט שוין אויסגעגאָסן זײַן האַרץ, איז ער אַ שטאַרק צופֿרידענער,

וואס מע האט אים אויסגעהערט ביזן סאָף (אגעוו, דאס ערשטע מאָל אין זיין לעבן!), אַוועק אַהיים...

און ווען כניאָקין איז אוועק אהיים, האט דער בראָנדזענער דענקמאָל שטאַרק געשמייכלט, וואס ער האט געטראָפן אזא מאָדנעם פארשוין, דוכט זיך, אַן אַלטן באַקאַנטן... און דער בראָנדזענער גאָגאָל האט זיך פארקוקט אף דער שיינער, לויטערער אוקראַיִני־שער נאַכט...

1928 י.

# א י ן  א  ט ו נ ק ל  ו ו י נ ק ל

(ס ק י צ ע)

יאָסקע קאָטליאַרן, מיין כאַווער.

## I

פריילעך איז פאַרנאַכט אין פאָרשטאָט. די לעוואָנע ווייַסט אויס אַפּסנייַ די בלוילעך־ריין אויסגעקאַלעכטע ווענט פון די קלייגע מויערלעך. ערגעץ ווייַט, אף א בערגל, קלייבט מען זיך צונויף: פאַרשייַטע יונגען און מיידלעך, און איינער א יונג מיט געקרייַזלטע האָר פאַרציט:

פאַר א מיידעלע, ליפּן — באַנטיקלעך —
כ'האב געמוזט, נעבעך, צאָלן א דריט...

באַ די יונגען צעגיסט זיך דער ניגן איבערן לייַב און צינדט זיי אָן מיט פרייד און געלעכטער, און באַ די מיידלעך ווערן פון דעם די רויטע באַקן נאָך רויטער...

אַפילע די אלטע לייַט, וואס קלייַבן זיך צונויף אָט דאָרט באַם ראָג, ווו די אלטיטשקע האווריליאָוונע זיצט טאָג און נאַכט איינגעהילט אין א קאָלדרע און פאַרקויפט יאָדערן און מע שמועסט:

— א מילכאָמע וועט זייַן, האַ?..

„ווינט" — האבן זי די מיידלעך גערופן. זי איז די סאמע באַוועגלעכסטע דאָ אין פאָרשטאָט. א פּראָסטע, א שוואַרצכיינעוודיקע מיידל. אלע קענען זי, אלע ווייסן, אז דאס איז א פאַרשייַט, פריידיק מיידל. די אלטיטשקע האַווריליאָוונע, אז זי דערזעט זי אַמאָל דורכגיין, טייַטלט זי:

— אוי, שנייַדט זיך עס אף א דרייקאָפּ!.. א ווינט!.. אוי, וויפל ייִנגלעך דאס מיידל וועט די קאָפּ אָפּדרייען...

פאַרנאַכט לויפט זי אַרום פון איין שטוב אין צווייטער, אומעטום האט זי כאַווערטעס, מיט אלעמען האלדזט זי זיך און שמייכלט

זיי אַנטקעגן מיט איר קליין שמאָל מײַלעכל... און ווײַל זי איז אַזאַ, האָבן זי אַלע ייִנגלעך ליב און „שיסן" נאָך איר... וואַנקע דער ערשטער. ער איז אַזוי פֿאַרליאַפּעט אין איר ביז די אויערן; ווען זי גייט דורך צעשפּרייט ער אומגעלומפּערט זײַנע ליפּן און שמייכלט איר אַנטקעגן. נאָר זי ענטפֿערט ניט. שטעלט ער איר אונטער אַ פֿיסל. ווערט זי אײַנקאַעס:

— פֿאַרנעם זיך פֿונדאַנען, דו... און גייט אוועק מיט דריבנע טריט, פֿאַרוואַרפֿט דעם קאָפּ אין אַ זײַט, שפּילנדיק מיטן דינעם קערפּער אויף רעכטס און אויף לינקס. לויפֿט ער איר נאָך:

— פֿאַרײַסט שוין דאָס נעזל?

צעשמייכלט זי זיך און נעמט אים אונטער דער האַנט:

— קום, קליפּע... נאָר זאָג מיר וואָס ווילסטו?..— האָט זי אים מיט דער פֿראַגע אַזוי פֿאַרשעמט, אַז ער ווייסט איר ניט וואָס צו ענטפֿערן.

טאַלאַ לויפֿט פֿריילעך אַרײַן צו זיך אין קליין טויערל און וואַנקע שפּאַנט אוועק אַהיים אַ פֿאַרצאָרנטער...

דאָ ניט לאַנג האָט מען זי דאָ אָנגענומען אין קאָמיוג. וואַנקע האָט איר אַ רעקאָמענדאַציע געגעבן. ווען דער סעקרעטאַר האָט איבערגעלייענט איר אַנקעטע, האָבן אַלע אַ געשריי געטאָן: זאָל זי אויפֿשטיין! אַ קוק טאָן אויף איר!

אַלע האָבן אַ וואָרף געטאָן זייער בליק אויף טאַלען און דערנאָך שוין ניטווילנדיק אויף וואַנקען:

— ניִשקאָשע פֿון אַ יאַטעכע...

---

קײַקלען זיך טעג ווי שפּיל-רייפֿן בײַ קליינוואַרג. וואַנקען איז עפּעס נימעס געוואָרן דער קאָמיוג — סקטושנע, זאָגט ער — ניטאָ שוין וואָס צו טאָן אין קאָמיוג. פֿריִער האָט מען אויף די פֿראָנטן געקעמפֿט, איז עס טאַקע געווען אַן אייסעק... און איצט זיץ און קוועטש די באַנק אויף די פֿאַרזאַמלונגען און הער אויס די טרוקענע דראָשעס...

וואַנקע יאָגט „זדיעלנע“ אף וואס די וועלט שטייט און יאָגט אויס די עמעסע פּאָר רובל... גייט ער יעדן שאַבעס אין ביר־שענקל און פאַרטרינקט עס. סע ציט אים אַהין, אומעטיק. און דאָרט הילכט א האַרמאָשקע א גאנצע נאַכט און א ציגיינערן טאַנצט...

וואַנקע איז שוין דאָ א היימישער. אז ער קומט צו גיין אַהער, טוט ער מיט איין פאַרזשמורעט אויג א ווונק צום בופעט, לויפט טייקעף צו א קעלנער מיט א האנטעך אף דער רעכטער האנט און בויגט זיך איינדרייען:

— וואס ט'איר באַפוילן, ביר־ס?..

די לעצטע צייט האט ער אַפילע אין קאָמיוג איינגאנצן פאַרגעסן און זעלטן־ווען מע טרעפט אים אף א פאַרזאַמלונג. אין טאַלען האט דער קאָמיוג גאָר אַ נייע פריינדן אנטדעקט... אָפּט פאַרנאַכט, ווען כעוורע קלייבן זיך אמאָל צונויף בא א הויף א הילך טאָן א לידעלע איבער דער פּאָרשטאָט און טאַלע איז דערביי ניטאָ, ווייסט מען שוין:

— מיסטאַמע אף א זיצונג...

---

ציט וואַנקען צו טאַלען. ציט. אָט לויפט ער אומיסטן אריין צו איר אין צעך, כאַפּט א קוק אף איר און אנטלויפט. און ווען די מיידלעך מאַכן ספּאָרט, שטייט ער די גאנצע שאָ באַם פענצטער און שפּירט נאָך אירע נאַקעטע פיס, נאָך איר בויגיקן קערפּער הינטער דער גרינער טפּאָרטסמענקע...

— עך, ס'אַרא מיידעלע!..

ציט וואַנקען צו טאלען, ווי מיט צוואנגען. נאָר וואס זאָל ער טאָן?

— א ווינט!.. דאס מיידל וועט אלע יינגלעך די קעפּ אָפּ־דרייען...

בעשאַסן איבערייס כאַפּט זי איר איבערבייסן און לויפט אוועק אין זאַווקאָם, אין סאמע עקסטן צימער, ווו ס'ענגט א קליין שילדל: „קאָמקעמערל“. כעוורע לויפן זיך אַהער צונויף, מע דיסקוסירט,

מע וואַרפט מיט ווערטלעך שפּיציקע, ווי נאָדלען, און קײַלעכיקע, ווי פּילקעס, וואָס שפּרינגען אָפּ צוריק. מע גוואַלדעוועט, אָבער סע ניט קיין געוויינלעכער טומל, ווי אַפן מאַרק, נאָר דער טומל קלינגט דאָ מיט יונגקייט, מיט מונטערקייט און לינדער פרייד פון קאָמיוג.

שטייט טאַלע מיט כעוורע און שמועסט. האָט זי זיך אײַנגעבויגן. וואַנקע איז בײַ דער טיר געשטאַנען און דערזען בײַ איר דאָס אונטערשטע קליידל באַזוימט מיט ווײַסע ציינדעלעך פון א זעגל, און גלײַך א ווינק געטאָן:

— כעוורע, קוקט... האָט זי אים אָבער באַלד ווי מיט זודיקן וואַסער אָפּגעשפּאַרעט:

— דו, באַבניק... אַנו, פאַרנעם זיך!

נאָך דער ארבעט איז וואַנקע אַוועק אַהיים אַן אָנגעצונדענער מיט פינקלענדיקע אויגן, ווי בײַ א קאָטער, אַוועקגעשפּאַנט איבער די געדרייטע געסלעך אַהיים...

II

וואַנקע האָט א כאַווער. א שטוב קעגן א שטוב. דעם נאָמען זײַנעם ווייסט די פאָרשטאָט ניט, נאָר זײַן צונאָמען:

— האָפּ מיט א סמיק!

„האָפּ מיט א סמיק" איז אומגעלומפּערט געזונט, מיט צוויי גרויסע סטאָרטשענדיקע קינבאַקן. אף דער רעכטער האַנט ביזן עלנבויגן איז בײַ אים אויסגעשטאָכן א נאַקעט מיידל און העכער אף די מוסקולען — א נאַקעט יינגל. און אף דער ברוסט, אין סאַמע מיט — די עמבלעמע פון ראַטנפאַרבאַנד מיטן אויפשריפט „פּראָלע־טאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך". ער שעמט אין פאָר־שטאָט, דער „האָפּ". ער קאָן, לעמאָשל, אויסזעצן עמעצן די שויבן און אויסהאַקן עמעצן די ציין און מע וועט עס פאַרשווײַגן, ווײַל דער „סמיק" האָט צוויי געזונטע האָריקע האַמער־פויסטן און א „פעדער" אונטערן גאַרטל.

וואַנקע האָט אים איינמאָל באַגעגנט:

— ברודערקע! ווילסט א שיין מיידל?

— דערלאנג! — האט ער מיט די ברייטע קינבאַקן א דריי געטאָן און זיי האבן ביידע פארקערעוועט אין שענק.

אז איבער דער פאָרשטאָט הוליעט א ווינט, מאַכן אייניקע צו די לאָדנס, וואָרום דער ווינט האט ליב צו שטיפן... טאלע האט זיך אומגעקערט פון קינאָ. דאס קעמערל איז געגאַן קוקן די „רויטע טאוולאָנימלעך". זי איז געגאַן א מונטערע. אך, ס'אַרא פיינע פילם דאס איז! טאלע וואָלט זיך ניט אָפגעזאגט א יאָג טאָן אף אן אָנגעזאָטלטן פערד, ווי יענע קאָמיוגיסטן, די בראַווע, רויטע טייוולאָנימלעך...

...טאלע יאָגט אף א בולאַנעם. נאָך איר פליִען מאַכנאָווצעס, צעיושעטע באַנדיטן. זי בויגט זיך אַזש אָן פאָרויס, קלאפט מיט די פיס דעם פערד אין בויך, נאָר די מאַכנאָווצעס יאָגן אויך ניט שלעכט. זי פליט ווי א פייל פון בויגן אף איר בולאַנעם פערד, אַזש די ערד ציטערט אונטער איר. מיטאַמאָל — א שפרונג פון פערד און גלייך אין טייך אריין, און זאָלן זי איצט די מאַכנאָווצעס גיין זוכן אף יענער זייט ברעג... און פלוצים א קאָל:

— אָט איז זי!

האט זי זיך שיר ניט דערשראָקן, געמיינט אף אַן עמעס האבן זי מאַכנאָווצעס געכאפט, און זיך צעלאַכט:

— פו, טייוול...

— לאַכסט, פאַסקודע? — איז „האָפ מיט א סמיק" אנטקעגן געגאנגען מיט ברייטע אומגעלומפערטע טריט. און וואַנקע שטייט הינטער א ראָג און היצט אונטער.

— דרייסטער, האָפ! שעם זיך ניט!..

„האָפ מיט א סמיק" — דער פאַרביסענער, צעיושעטער כוליגאַן פון פאָרשטאָט, האט איר פאַר א האנט א כאפ געטאָן און מיט דער צווייטער דאס מויל פאַרקלעמט:

— שוויַיג, זאג איך! אניט צענעריק איך דיר באלד אף טויט...

און זי אַוועקגעשלעפט הינטערן קלויסטער, אין א טונקל ווינקל...

און וואַנקע גייט פונהינטן. דאס פּאָנים פלאַקערט:
— עך, ס'אַרא מיידעלע...
— ...ראַ־טע־וועט...

אף מאָרגן האבן די אלטע לײַט, וואס קלייבן זיך טאָמיד צונויף באַם ראָג, דאָרט, ווו די אלטע האַוורילאָוונע זיצט טאָג און נאַכט איינגעהילט אין א קאָלדרע און פאַרקויפט יאָדערן, געטײַנעט:
— טאלקען? איי, איי, איי... ס'אַראַ באַנדיט...
די גאנצע פאָרשטאָט האט שוין וועגן דעם געוווסט...

1926 י.

# א ש ל ײ ף

(נ אָ ו ו ע ל ע)

אז איר שטעלט זיך אַפן העכסטן טרעפּל פון אוניווערסיטעט־בערגל, זעט איר די גאנצע סווערדלאָוו־גאַס. דאָס איז די שענסטע גאַס פון הויפּטשטאָט, וואָס רוישט און זידט טאָג און נאַכט מיט פילצאָליקע טראַמען, טאַקסי און פאָרלעך. דידאָזיקע גאַס פירט אײך גלײַך צום „קאַלטן באַרג".

דאָרט, אַפן באַרג, שטײט א הויכער גרויער מויער מיט אסאך שמאָלע פארגראַטעטע פענצטערלעך. דער מויער איז מיט א הויכן פּאַרקן ארומגעצאַמט און אינעווייניק, אין לאַנגן און ברייטן הויף, זײַנען הארבע וועכטער צעשטעלט — מענטשן מיט אָנגעלאָדענע אויגן און ביקסן אין דער האַנט.

אין דער 13־טער קאַמער, פון רעכטס, אַפן סאַמע העכסטן גאָרן זיצט איצט לאַזאַר לוואָוויטש און קוקט דורכן שמאָלן פארגראַטעטן פענצטערל אַף אונטן אַראָפּ: אַף די וועכטער, וואָס היטן אים, און אַף די קלײנע מענטשעלעך, וואָס דראַפּען זיך אַפן באַרג־אַרויף. און אַרום איז אזוי גרין און דופּטיק. — א שטילער אָוונט רוט איצט אַפן „קאַלטן באַרג".

לאַזאַר לוואָוויטש איז הײַנט שטאַרק אויפגערעגט, רויכערט אסאך. יעדער ווײַלע פארדרייט ער א נײַעם ציגאַרעטל מאַכאָרקע (שוין לאַנג קיין פּאַפּיראָסן ניט געריכערט), אָטעמט אײַן אין זיך אסאך רויך און קוקט פארטראַכט אין פענצטערל.

עס האָט הײַנט געזאָלט צו אים קומען ליזעטשקע (זי ט'צוגעזאָגט), איז זי עפּעס נישט געקומען. לאַזאַר לוואָוויטש איז צעטראָגן און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. דער „קאַלטער באַרג" דרימלט איצט אין שטילער אָוונטיקער רו (נאָר פונדערווײַטנס הילכן ערגעץ

מיידלשע געזאנגען) און ער האַלט אין איין קוקן אין דער טיפער אכט אריין.

עמעצער האט פלוצים איבערגעריסן די שטילקייט פון זיין קאַמער און אופגעעפנט דאס קליין פענצטערל אין זיין טיר. לאַזאַר לוואָ־וויטש איז צו צו דער טיר, האט נאָר דערזען, ווי א האנט האט אים א וויַיס פאַפּירל אריַינגעוואָרפן און דאס באקאנטע גלייַכגילטיקע קאָל פונעם וועכטער האט א ברום געטאָן: „פארגעסן פריִער אי־בערגעבן. א פרוי האט געבראַכט באטאָג״.

דאס „אייגל״ פון טיר האט זיך פארמאכט. לאַזאַר לוואָוויטש האט דאס וויַיס פאַפּירל פון דיל אופגעהויבן און האט בא דער לעוואָנע־שיַין קוים דורכגעלייענט:

„לאַזאַרטשיק! אַנטשולדיק. זיַי מויכל... נאָר מער וועלן מיר זיך שוין מיסטאָמע ניט זען...

דיַין ליזאָטשקע״.

ער איז געבליבן געפלעפט און איז ארומגעגאַנגען איבער דער קאַמער ווי א צעדולדטער. ער איז צו צום פענצטערל און אראָפּ־געלאָזט די שווערע וויִעס, פאַר זיינע אויגן שווימען גיך־גיך דורך געשטאַלטן, ציַיטן, שטעט...

... זי פלעג בא אים קיינמאָל נישט פרעגן, נאָר טאָמיד מאָנען:

— לאַזאַר, כ׳דאַרף!

פלעג ער אומבאהאָלפן ארומלויפן איבערן צימער:

— נו, נו, ליזעטשקע, באַרויִק זיך...

אָבער באַלד טוט זי א טרייסל מיט איר דינעם קערפער און א טופע מיט דעם פיסל:

— א־י־ך דאַרף!

... יאָ, אמאָל פלעגט מען אים רופן פאָשעט: „כאוועד כינקין״, און דאס האט פאַר אים אנגענעמענער געקלונגען, ווי דער צעצוי־געגנער אויסרוף „לאַ־זאַר לוואָוויטש״. דאַן איז יעדער טאָג געלעגן

אף זײַנע פּלײצעס װי א שװערע לאַסט און געשטיקט אים. הונ־
דערטער לעבנס האט ער געמוזט אַף געלע קופּאָנעס אויסהאַלטן,
האָדעװען זײ — כאָטש צוביסלעך זופּ מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ...
ער איז געװען פאַרהאַװעט אינעם טאָגטעגלעכן מאָדנעם ברויז,
אינעם מאָדנעם טיפוס־הו־האַ און פאַרביסענעם טומל.

... דענסטמאָל האט ער זיך מיט איר באַקאַנט, דענסטמאָל איז
א שלײף אף זײן האַלדז ארופגעװאָרפן געװאָרן.
— זי

ליזעטשקע, די װוקסיקע מאַשיניסטקע פון „יעפּאָ", װו ער האט
אַלס פאַרװאַלטער געארבעט.

... צום ערשט, האט מען די שטריק אף דר'ערד אװעקגעלײגט,
ער זאָל ארײַנטרעטן אין שלײף:

— כאװער כינקין... (פון די אָנגעפּאַרבטע ליפּעלעך א באַנטיקל
פאַרקניפּט) כאַפּט זיך אמאָל ארײן צו אונדז... האַ?

— איר זעט דאָך גאנץ גוט, כאװערטע אַפראָ:מאָװיטש, אז ס'קײן
אײן פרײַע מינוט ניטאָ...

דערנאָך האט מען דעם שלײף אָנגעהויבן פּאַװאָלי און געניט
אזוי צוביסלעכװײַז פאַרציִען:

— כאַ־אַ־װער כינקין... (דאס דין פיסעלע פּאָרויס ארויס־
געשטעלט, מיטן שמאָל קלײדל די קני קוים פארשטעלט און מיט
די אײגעלעך געשפּילט) דער טאַטע ט'אײך געבעטן ארײנקומען
צו אונדז...

און שפּעטער שוין, מיטן פּאָטערס הילף פארצויגן דעם שלײף.

דער פאָטער אירער — א ייִד א נידעריקװוקסיקער, א פולער
װי א פעסל, מיט פעטע שמאַלצענע אײגעלעך, האט געטײַנעט:

— טײַערער לאַזאַר לװאָװיטש... איר זײַט א יונגערמאַן...
אַן ערלעכער מענטש, א טרײַער... איז פארװאס זשע ניט?..—

דער ייִד האט געגלעט זײן געל שאַרף בערדל און געכײנדלט צו
כינקינען מיט די פּאָדערשטע גאָלדענע צײן — מײלע, דער פאָטער
איז עפּשער ניט דער, װעלכער עס האַרף זײן... א הענדלערס
א טאָכטער מיט א קאָמוניסט... נישט לײַטיש עפּשער פאַר

כאווײרים, אָבער ווער דאַרף עס דען וויסן?.. ליעבט אייך גליקלעך און...

... טעג האבן אָנגעהויבן פאַרהײלן זײערע װונדן, פעלדער האבן אָנגעהויבן אופגײן מיט זאַפטיקער טװוע, גאַסן רײצן מיט זײַד און פעטס... האט א צימער מיט א רויטן גלאַנציקן דיל זיך צע־שײַנט, ווײַסינקע אויסגעהעפטע פירהענגלעך אף די פענצטער, א גרויסער שפּיגלנער קאמאָד מיט זילבערנע בעכערלעך בא דער וואַנט, און אזא מין טויטע שטילקייט קוקט אַראָפּ פונעם גרינעם אבאזשור אין מיט פון צימער... א גראָבע בערישע פעל אַפן דיל, ווייכע פאָטעלן צעשטעלט אין אלע ווינקעלעך...

... לאַזאַר לוואָוויטש טראָגט שוין א ברייטן, לײַכטן פעלץ מיט א שוואַרצינקער קאַראַקול־היטל, און ליזעטשקע — אין א מאָדנעם מאַנטאָ, מיט א פוכיקן באָאַ, וואס קוקט ארויס מיט בלויע אייגעלעך פון א פיקסל...

אזוי האט ליזעטשקע אויסגעפירט בא אים. זי איז דאָך אזא נערוועזע, אזא נערוועזע!.. קאָן מען דען איר נישט נאָכגעבן? מעג מען זי דען אופרעגן?..

... איינמאָל, איז זשוק — זיינער א כאָוער,— צו אים אריינגע־קומען.

אינײנעם זײנען זײ אַפן פראָנט געווען, פון די ווײַסע צו־זאַמען „מאַטאָנעס" באַקומען. בא זשוקן איז נאָך אַפן שטערן דער צייכן פארבליבן. דער שטערן צעטיילט זיך בא אים אף דער העלפט מיט א דיקער ליניע. לאַזאַרן אין רוקנביין געטראָפן (זיי האבן גוט אָנגעצילט, אויסוורפן!).

ליזעטשקע, אין א ווײַסן האלב־קײַלעכיקן פאַרטעכל, טראָגט אריין אף א זילבערנעם טאַץ טיי און מיט אזא פאַרדעכטיק־ליבלעכן שמייכעלע:

— טרינקט, ביטע, טרינקט...

זשוק באטראַכט עפעס אזוי מאָדנע זיין צימער, קוקט אין די קאמאָד־שפּיגלען, אף די זויבער־אויסגעהעפטע פירהענגלעך, אף

דער שיין אויסגעהעפּטער קאַץ, וואָס הענגט בײַ אים צוקאָפּנס לעם לענינען (דאָס האָט זי אויפגעהאַנגען).

— עך, ברודערקע, נישט צוליב דעם האָבן מיר, דאַכט זיך, אַף די פראָנטן געקעמפט...

זשוק קאָן קיין סאַך נישט ריידן, אַפן פראָנט האָט מען קיין סאַך נישט געדאַרפט ריידן, און בײַ זיך אַף דער וועבער-פאַבריק אויך ניט.

ווען ליזעטשקע פלעג אַ ווײַלע אַרויסגיין, פלעג אים זשוק פרווון וואָרענען:

— עך, לאַזאַר, אַ ווײַבל דאַרף זיין דיין אַ געהילף, אַניט, וועט זי ווי אַ שטיין אַף דיין האַלדז הענגען...

לאַזאַר לוואָוויטש פלעג צעפירן מיט די הענט, אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ:

— פאַרשטייסט, זשוק...

... לאַזאַר לוואָוויטש האָט אויפגעהויבן זיין שווערן קאָפּ און אַ קוק געטאָן דורכן פאַרגראַטעט פענצטערל: אַ ווײַסע נאַכט. דער „קאַלטער באַרג" שלאָפט. און די הויכע טאָפּאָלן האָבן זיך נאָך מער אויסגעצויגן, פונקט ווי דער באַרג וואָלט זיי אוועקגעשטעלט דאָ פאַר וועכטער. אַזאַ מין געדיכטע שטילקייט, אַז אַפילע קיין פליג פליט נישט דורך, קיין בלעטל פאַלט ניט... און עס דרייט זיך ווידער בײַ אים אין קאָפּ און פאַר זיינע אויגן עפּעס אַזויגס און אומבאַמערקלעכס, נאָר גיך, גיך:

... דאָס לאַנד האָט אים אוועקגעשטעלט פאַרוואַלטן מיט אַן אַנשטאַלט. דאָרט פלעג מען בײַ אים נישט פרעגן און נישט מאָנען, אָבער איין זאַך האָט ער אַליין געוווּסט:

— מע מוז!

דעם „מע מוז" האָט לאַזאַר לוואָוויטש גוט געוווּסט און געדענקט פון דענסטמאָלט אָן, ווען ער איז פון זיין קרעמערשער מישפּאָכע אַוועק און זיך מיט לײַב און לעבן דעם לאַנד אָפּגעגעבן; פון דאַן אָן, ווען ער האָט פון די ווײַסע די ווונדיקע מאַטאָנע באַקומען

און דערנאָך שוין, ווען דאס לאַנד האט אים אוועקגעשטעלט אין „יעפּאָ", האָדעווען מענטשן מיט וואַסערדיקן זופּ פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ... און איצט — אין אַנשטאַלט. אין אַנשטאַלט האט זיך דער „מוז" גענומען ארויסגליטשן, ווי א געפּאַנגענע פיש, ווען מע האַלט זי אין די הענט.

אוי, דער אַנשטאַלט! דער אַנשטאַלט מיט זיין אויסזען פון א צעקראָכענער יידענע, פון א שלעפּערקע, מיט זייערע מענטשן. מענטשן מיט הילצערנע קעפּ, נאָר מיט ווייכע צעקנייטשטע פּעני־מער; מענטשן מיט שטרענגע וואָנצן, וואס ד׳ערמאָנען אייך אין כמעלניצקיס צייַטן — האט ארויסגערופן בא כינקינען עקל. ער האט פייַנט געהאט דעם אנשטאלט. און ווען ער פלעג פארבייַגיין זיינע קאַנצעליאַרישע מיטארבעטער, פלעג ער אלעמען דורכלויפן מיט איין האַרבן בליק און גענוג. און ווען ס׳פלעג אָנקומען די צייט פון „מע מוז", פלעג ער זיך אָנהויבן גראָבן אין די פאַרשיידענע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך, אין די גראָבע ביכער, ווו דער אנשטאלט האט געלעבט מיט א באזונדער לעבן: צונויפקניפּן יעדער צעריסן שנירל, צושטיקעווען און צוסטריגעווען יעדער קלייניקייט... און אזוי האט ער געלעבט, לאַזאַר לוואָוויטש, מיט זיין ליזעטשקען און טאָמיד נאָכגעגעבן איר נערווען אויסגעשריי: „איך דאַרף!" און אזוי האט ער, לאַזאַר לוואָוויטש, פארוואלטעט מיט זיין אנ־שטאלט און טאָמיד געדענקט, אז „מע מוז!".

און פלוצים...

... ס׳איז דאַן געווען א שיינע ווינטער־נאַכט — דער שניי האט געווייַסט זיין שוואַרצן קאַראַקול־היטל און איר פוכיקן באָאַ, וואס האט ארויסגעקוקט מיט בלויע אייגעלעך פון א פּיקסל. זיי האבן זיך דאַן פון אָפּערע אומגעקערט. דער פריילעכער „סעווילער פּאַ־ריקמאַכער" איז זיי נאָכגעלאָפן פוסטריט און ג׳עקיצלט:

— פיגאַראָ דאָ! — האט ער אונטערגעזונגען.

— פיגאַראָ דאָרט! — האט זי אָפּגעענטפערט.

און פלוצים (אָך, פלוצים! צו וואָס קאָן אמאָל דערפירן אזא „פלוצים"!) האט זי מיט א שווערן זיפץ געזאָגט:

— לאַזאַר! צי דען איז דיר נאָך ניט נימעס געוואָרן צו לעבן אזא לאַנגע צײַט אין איין שטאָט?

— נו, נו, ליזעטשקע, וואָס נאָך...

... איז באַלד דער „סעווילער צירולניק" אַנטלאָפן צוריק קיין שפּאַניע און זיי האָבן זיך שוין מער נישט איבערגערופן, ווי פריִער, און אין שטוב האָט זי גלײַך דעם מאַנטל פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און זיך אַוועקגעלייגט אין בעט מיט אַ שטילן כליפּ.

כ׳ינקין איז ארומגעלאָפן איבערן צימער, פון איין ווינקל צום צווייטן:

— נו, נו, ליזעטשקע, צו וואָס זיך נערווירן...

אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן.

לאַזאַר לוואָוויטש האָט עפּעס איצט אפסנײַ באקוקט זיין צימער, געקוקט אף דער קאַץ, וואָס האָט מיט אירע וואַסערדיקע אויגן און דינע וואָנצעלעך אויך געקוקט אף אים פון דער וואַנט. זי האָט בייז געקוקט אף אים, די קאַץ, ווי אַ לעבעדיקע, פּונקט ווי זי וואָלט בא אים עפּעס געפאָדערט.

— גוט, גוט, הער שוין אוף צו כליפּען, כ׳וועל אַ טראַכט טאָן— איז לאַזאַר לוואָוויטש צוגעלאָפן צו זיין פרוי און זי אָנגעהויבן גלעטן פאַר דעם קאָפּ— נו, גענוג, ליזאָק, גענוג...

איז זי באַלד פון בעט אופגעשטאַנען און זיך אַ גליטש געטאָן איבער זיין פּאָנים מיט אַ זיס כיינדל.

... לאַזאַר לוואָוויטש האָט זיך דערמאָנט אין דעם זיסן קוק אירן און אַ גרויל פון עקל האָט אים דורכגענומען.

... עס איז אָנגעקומען פרילינג. די שטאָט איז געוואָרן נאַס און בלאָטיק, פון די רינוועס רינט ברודיק וואַסער, די דעכער זיינען גראָ געוואָרן, און ליזעטשקע... אַך! צי קאָן זי דען פאַרבלײַבן ווינען אין אַזאַ שטאָט! צי טאָר זי דען פאַרבלייבן אין אַזא שטאָט!

... ווען ער האָט אָפּגענומען געלט פון באַנק, האָט ער געטראַכט:

„פון וואָס וועל איך איצט סטריגעווען און שטיקעווען, אז יע־דער שניפל האָט זיך שוין אזוי איבערגעריסן, אז מע קאָן עס שוין

אפילו ניט צונויפבינדן; ווי אזוי וועל איך איצט אָפּגעבן כעשבן, אז עס פעלט קימאַט א דריטל?"

ער האט פאַרקערעוועט אין א קאָפּע זיך אָפּרוען, פאַרויכערט א ציגאַרעט, און געצויגן אין זיך דעם טאַבאַק אזוי פאַמעלעך, פונקט ווי ער וואָלט א צוקערקע געסמאָטשקעט, מיטן מיטלסטן פינגער דעם שלייף געגלעט און געצויגן צוביסלעך רויך... ער האט אַרויסגענומען דאס געלט פון פּאָרטפעל, זיך איינגעקוקט אין יעדן טויזנטער, וואס איז געווען פארוויקלט אין א שמאָל פּאַפּירל, אין יעדן הונדערטער, אין יעדן רובל, זיך גוט איינגעקוקט אין דער צייכענונג אָפן געלט: א געזונטער ברייטפּלייציקער פויער זייט... און דערנאָך קרייזן, אזוינע דינינקע קרייזן... און די קרייזן דרייען זיך, דרייען זיך, און אָט שטייט שוין פאַר זיינע אויגן אָפן פויערס אָרט ליזעטשקע, שמייכלט, כיינדלט זיך... און פּלוצים קומט עפּעס פון געלט ארויס די קאַץ, וואס הענגט בא אים אַף דער וואַנט; עפּעס קוקט זי זייער בייז אַף אים, די קאַץ. און עפּעס מיטאַמאָל דערזעט ער אין געלט לענינען, דערזעלבער פּאָרטרעט, וואס הענגט צוקאָפּנס... און ער דערמאָנט זיך וועגן דעם „מע מוז".

און נאָך דערמאָנט זיך אים:

— א ניט!..

און דער „אַ ניט" האט אים ווי מיט הונדערטער שרייבמאַשינקעס אָנגעהויבן קלאַפּן אין מויעך... האט ער אַפגיך אויסגעזופּט דעם שוין אויסגעוועפּטן גלאָז „נאַרזאַן" און איז ארויס. און דער „אַניט" האט זיך פּלוצים פאַר זיינע אויגן צעכיינדלט מיט זיסע כיינדעלעך און נערוועזע אויסגעשרייען פון זיין ליזעטשקען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווען זיי ביידע האבן פאַרלאָזט די רוישיקע שטאָט מיט די פּילשטאָקיקע מויערן און פּילצאָליקע טראַמען און טאַקסי און אוועקגעפאָרן אין א נאָך א גרעסערער רוישיקער שטאָט, וואס רייצט מיט איר לאַנגן נעווסקער פּראָספּעקט און שיינע, ווייסע נעכט...— האט זיך דער „אַ ניט" פאַרוואַנדלט אין א שמאָל צימערל מיט פייכטע ווענט און אייזערנע גראַטעס, — געקעסטלטע פענצטערלעך...

איז מיטאַמאָל געוואָרן אויס זילבערנע בעכערלעך, אויס שיינע טעפיכער. אַלץ אויסגעפּאַרקויפט און אויסגעביטן אַף אַ שטיקל ברויט מיט וואַסערדיקער יויך...

און איצט... אויס ליזעטשקע... ניט געסטייעט. נעלעם גע־וואָרן, ווי אַ רויבער נאָך אַן אָנפאַל...

... לאַזאַר לוואָוויטש קוקט נאָך אַלץ דורכן שמאָל פאַרגראַטעט פענצטערל אין דער טיפער נאַכט אַריין. די לעוואָנע זעט מען שוין קוים אָן. שטיל־שטיל, נאָר פון צייט צו צייט דערהערן זיך אַמאָל אומדערוואַרטע גרוילן און געבן מיטאַמאָל אַ שניט אין אויער אַריין, אַז אַ קעלט דרינגט אים דורך...

לאַזאַר לוואָוויטש האָט אופגעהויבן די וויִעס, אַ קוק געטאָן אין פענצטערל: פונדערווייטנס, דאָרט בײַ די רעלסן פּאָרקען זיך שוין אַרבעטער — מע בויט אַ נײַע ליניע, יעדע צען מינוט ווערט לע־בעדיקער און רוישיקער אָפּן באַרג, אַרבעטער שפּאַנען גיך צו דער אַרבעט, פּויערטעס טראָגן אַף די קאָראָמיסלעס מילך אין שטאָט. עס טאָגט אין דער הויפּטשטאָט...

צען אַזייגער אינדערפרי וועט זיך אָנהויבן דער געריכט איבער אים. זאָל שוין גיכער קומען די שאָ, ווען מע וועט אים אינעם שוואַרצן אַוטאָ אַוועקפירן אין געריכט־זאַל... ער וועט דאָרט אַליין אופדעקן אַלע קאָרטן...

ער דאַרף קיין שום פאַרטיידיקער ניט האָבן.
ער וועט זיך לעבאַטכילע אָפּזאָגן פון זיי...

מאַרט, 1929 י.

# א יי נ ע מ ס  אַ  פ אַ ר ג אַ נ ג ע נ ה יי ט
(נאָוועלע)

געשענקט מיין שוועסטער דינע.

אָריאַל.

... — אַמאָל זיינען דאָ אַרום אין געווען זייער געדיכטע וועלדער. און סע האבן דאָ געווילדעוועט אָן א שיר אָדלערס, און סע האבן זיך דא באַהאַלטן די גרעסטע גאַזלאָנים פון גרויסרוס־לאַנד. קיין איין מענטש האט דא ניט געטאָרט דורכגיין!

אז מע האט דא אָנגעהויבן בויען א שטאָט, האט מען בעשום־אויפן ניט געקאנט צוקלערן קיין נאָמען. זיצט אזוי דער ראָט פון געלערנטע און אינזשינערן און מע קלערט א נאמען פאַר דער שטאט. מיטאַמאל, ווי זיי קלערן אזוי, האט זיך איבער זייערע קעפּ, הויך אין הימל דורכגעדרייט עטלעכע מאל אָן אָדלער א גרויסער, און אָנגעהויבן שרייַען... זיי האבן אַלע פאַריסן די קעפּ. רופט זיך אָן איינער פונעם ראָט:

— טייַערע הערן! — וואס דאַרפן מיר אזוי לאַנג קלערן און פּאַטערן אזויפיל צייט אַף אַ נאָמען? לאָמיר אנרופן די שטאט מיטן נאמען פון אט דעם גרויסן און מעכטיקן קעניג פון די פויגלען...

— גוט — האבן אַלע אייַנגעשטימט.

איז טאַקע אזוי פארבליבן —

אָריאַל.

... — דו וועסט שוין מיר אַנטשולדיקן, דעם אַלטן מאַן, וואס כ׳וועל דיך פארהאלטן נאך אף עטלעכע מינוט. זעץ זיך צו נעבן מיר אפן סלופּ, וועל איך דיר עפּעס דערציילן.

„אָט ווי דו זעסט מיך, דעם גרויען זאָקן, האב איך שוין אריבער־געשפּאנט דעם לעצטן צענדליק. אָט אָ דא אַף די שטיינער בין איך געבוירן געוואָרן, און דאָ וועל איך זיך מיסטאמע אויסציִען...

דער אַלטער האט אראָפּגעלאָזט זיין גרויען קאפּ, פארשניטן זיינע אויגן אינדר'ערד.

... „יונגערהייט האט מען מיך מיט לייב און לעבן צו א פּאָרעך פארקויפט, ווי א פּאָשעטן הונט... נאָר א הונט קען כאָטש בילן, ווען ער איז אומצופרידן.

איינמאל, ווען דער פּאָרעך האט געשפּאַצירט מיט זיין ווייב און הינטל איבערן הויף, בין איך צופעליק דורכגעגאן פאַרביי זיי. דאס הינטל האט דערזען מיין צעריסענעם טולופּ, און אָנגעהויבן נאָכלויפן נאך מיר און זיך פלאָנטערן פאַר די פיס. ווי אזוי איך האב דאס הינטל ניט אויסגעמיידט, האט זיך עס אַלץ געפלאָנטערט, און געפלאָנטערט... האב איך פון קאַעס א שפּיי געטאן, און ניטווילנדיק ארופגעטראָטן אף א לאַפּקע.

„אוי, גאָט מיינער, דו קענסט זיך גארניט פאָרשטעלן, וואס סע האט זיך נאָך דעם געטאָן, די פּריצטע איז באַלד געפאלן אין כאַלאָשעס, און דער פּאָרעך איז ארומגעלאָפן ווי א מעשוגענער, און מיך א זעץ געטאן מיט א פיס אינעם דיך אזוי, אז איך האב פארלארן דעם באוווסטזיין... ווען איך האב זיך אופגעכאַפּט און קוים זיך אופגעהויבן פון דער ערד, האט דער פּאָרעך באַפוילן מע זאל מיר ארייַנשיטן פופציק שטעקנס...

... צוויי כלאָפּעס האבן מיך אוועקגעלייגט, אראָפּגעקאַטשעט פון מיר די הויזן, און אומראַכמאָנעסדיק געשניטן מיט שטעקנס שטיקער פלייש פון מיין לייב...

„שפּעטער בין איך פונעם הויף אַנטלאָפן, געוואלט נעקאָמע נעמען; נאָר ווי קום איך, אַזאַ קליין מענטשעלע, צו אַזאַ גרויסן פּאָרעך? און אין דער לעצטער רעגע פאַר מיין אַנטלויפן האב איך זיך שטיל אונטערגעגאַנוועט הינטער זיין שלאָפצימער, און אַ זעץ געטאָן מיט א שטיין אין א שויב אריין...

דער אַלטער האט אופגעהויבן די אויגן פון דער ערד, און מיט די לאַנגע קאָרע־פינגער פאַרשטעלט דאס פּאָנים:

... „נאָר בעסער וואָלט איך זיך אליין געווען באַגראָבן אין דער קאַלטער מאַמע־ערד, איידער איך האב דאס געטאן. אַז דער

פּאָרעץ האט זיך פון דעם דערוווּסט, האט ער באַפוילן מע זאָל דערפאַר שמייסן מיין פּאָטער, מע זאָל מיך שמייסן ביזן טויט... דער פּאָרעץ איז אַליין געשטאַנען דערביי און געציילט די שמיץ, און ער האט געוואַרט, דער פּאָרעץ, ביז דער לעצטער מינוט — ווען מיין פּאָטער וועט אויסגיין...

— דו וועסט מיר אַנטשולדיקן, דעם זאָקן, וואס כ'האב דיר אזוי לאַנג פארהאַלטן. נאָר מיין דערציילונג גייט שוין צום סאָף, האב געדולד, טייערער!

„איך בין געוואָרן א האָלצהעקער. אין די געדיכטע וועלדער האב איך זיך געכאַוועט מיט נאך א פּויער. אָן א שיר וועלף האבן דא געווילדעוועט אין וואלד, נאָר איך האב זיך שוין צו־געוווינט צו זיי. איינמאל האב איך טאַקע געהאט אַן אייסעק מיט אַ וואָלף, איך האב אָבער געפונען אַן אויסוועג: כ'האב ארופגע־קלעטערט אַף א בוים. נאָר אַ וואָלף איז דאָך א זשעדנע כייע, האט ער אויסגעשטשירעט זיינע ציין און געבליבן וואַרטן אַף זיין רויב. האב איך א לאז געטאָן די האַק ווי א פייל פון א בויגן אַף אונטן און געטראָפן דעם וואָלף גלייך אין קאַרק אריין. די האַק איז דאָרטן אזוי אין קאַרק אין וואָלפישן געבליבן שטעקן... די כייע האט נאָר באַוויזן א שטאַרקן וואָיע טאָן, און איז אָפּגעגאַנ־גען מיט בלוט..."

— אויב דו וועסט מיך פארשטיין, טייערער, האב איך דיר די מייסע מיטן וואָלף דערציילט נאָר דערפאַר, ווייל איך וויל דיר ווייטער פאָרזעצן וועגן פּאָרעץ:

„שפּעט באַנאַכט האב איך איינמאָל באגעגנט דעם פּאָרעץ אין וואַלד.

ער איז פּונקט געפאָרן פּונעם געיעג. ווי איך האב אים דער־זען, האט באַ מיר דאס בלוט אָנגעהויבן קאָכן פון סינע, פאַר מיינע אויגן איז אדורכגעשוווּמען דאס הינטל, און דערנאך מיין פּאָטערס אויסגעקנייטשטער פּאָנים... איך בין באַלד ארופגע־קראָכן אַף אַ בוים, קעדיי ער זאָל מיך ניט דערזען, דער פּאָרעץ. נאָר א פּאָרעץ איז דאָך א זשעדנע כייע, ער האט מיך דערזען

און דערקענט, און זיינע וואָלפישע אויגן האבן זיך צעשפילט, און ער האט א געשריי געטאָן:

— קריך אַראָפּ!

נאָר איך בין געבליבן אַפן בוים, דאַן האט דער פּאָרעץ פון זיין פלייצע די ביקס אראָפּגעכאַפּט, און אָנגעצילעט אין מיר. אָבער מיַין האַק האט מיך געראַטעוועט. איך האב זי א לאָז געטאָן ווי א פיַיל פון בויגן און געטראָפן אין פּאָרעצס קאַרק. ער האט נאָר באַוויזן א רעווע צו טאָן, און איז אָפּגעגאנגען מיט בלוט... אָט ווי איך האב דערהאַרגעט די ערשטע כיַיע, אזוי האב איך דער־האַרגעט די צווייטע...״

— דו ווערסט מיר שוין טאַקע אַנטשולדיקן, דעם אַלטן בעטלער וואס האט דיך אזוי לאַנג פארהאַלטן, און אז איך וועל באַ דיר בעטן צום סאָף פארזיכערן...

ער האט אָנגעשפּאַרט זיינע הענט אינעם סוקעוואטן שטעקן או האט איַינגעשפּיצט זיינע טיפע אויגן אין הימל אריין, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט זיין פאַרגאנגענהייט...

און אזוי איז ער געבליבן זיצן, דער אַלטער, אפן סלופּ — גלאַנצנדיק מיט זיין וויַיסער לעוואָנע־באָרד...

אָריאָל, 1927

## אָ װ נ ט

דער מענטש גייט גיך.

דער מענטש פאָכעט מיט די הענט אינדערלופטן און שרייַט אָן אופהער איין און דאסזעלבע װאָרט:

— סמירנאָ!

דער מענטש שטעלט גיכע שפּאַן.

דער מענטש קלאַפּט זיך מיט די הענט אין ברוסט און שטעלט זיך פּלוצים אָפּ. ער ציט אויס זיין לאַנגן קערפּער, קערעװעט אויס דעם קאָפּ אף לינקס, גלייַך װי א װירע, און טוט א הילכיקן הוסט:

— ראָטאַ, סמירנאָ!.. העי! פירט אים דאָרט ארויס פון דער ריי! באַשטראָפט אים! זשיװאָ!

דער מענטש לאָזט זיר װידער גיין גיך, אומגעלומפּערט גיך, און שרייַט אלץ:

— איך װעל אייך באַװייַזן, רעקרוטן פאַרשיװע!.. שװייַג! װען איך רעד, דאַרפן אלע שטיין װי א סטרונקע אויסגעצויגן. װי א סטרונקע!

דער מענטש שטעלט װידער גװאַלדיק גרויסע טריט.

דער מענטש דראָט עמעצן. ער גװאַלדעװעט, ער באַפוילט:

— איװאַן! רוף אריַין דעם פעלדפעבעל!

... ס׳איז אָװנט. זויבער־פרישער אָװנט. נאָרװאס געגאַן א רעגן, האט עס אויסגעצװאָגן די היפּטגאַס. די גאַס איז פול. עס קאָכט מיט געװימל. מענטשישע כװאַליעס שװימען הין און צוריק מיט ראַש און געלעכטער, נאָר קיינער לייגט אפילע קיין מינדסטע אַכט אף אים. קיינער קוקט זיך אפילע ניט אום...

דער מענטש גייט דורך א העלפט הויפטגאַס און קערט זיך אום צוריק, שטעלט זיך אָפּ און באַפוילט:

— איוואַן! גרייט מיר צו די בריטשקע! וואַש זי מיר אויס אַזוי, אַז זי זאָל בּאַ מיר בּלישטשען. דו הערסט? — בּלישטשען! מאָרגן וועל איך זיך דורכפאָרן מיט דעם גובערנאַטאָרס טאָכטער איבּער דער שטאָט. זשיוואָ!

... די גאַס שימערירט מיט פילפאַרביקן שיין. די גאַס לאַכט. עס שווינדלען דורך אָנצאָליקע אַוטאָ און פינקלען דורך מיט צוויי גרויסע בּרענענדיקע אויגן פונפאָרנט. ערגעץ אויף א דאַך פלאַטערט א קליין רויט פענדל. פלאַטערט פאַרשייט, און אלע זעען עס...

דער מענטש שפּאַנט אַלץ הין און צוריק.

ד'ער מענטש ווערט פלוצים אינקאַעס, לויפט צו צו א מיליציאָנער און צעשרייט זיך אויף אים:

— היי, גאָרדאָוואָי! ביסט בלינד, צי וואָס?! פאַרוואָס גיסטו קיין טשעסט ניט אָפּ?! — אין טיורמע! אין קאַרצער ס'טע בּאַ מיר דערפאַר מאָרגן זיצן!..

דער מיליציאָנער קערוועט אויס די קאָפּ אין א זייט און לאַכט...
דער מענטש ווערט נאָך מער אינקאַעס און טופּעט מיט די פיס:

— אַרעסטירט אים! פאַרשיוועץ!

... איך גיי אים נאָך.

איך קוק זיך גוט איין אין אים.

איך זע, אַז ער איז שטאַרק באַוואָקסן. איך זע, אַז זיינע אויגן בלישטשען אויסערגעוויינלעך, אַז זיינע שוואַרצאַפּלען לויפן שנעל אום הין און צוריק און זוכן עפּעס אַזוינס, וואָס מע קאָן שוין איצט בּעשומויפן ניט געפינען. איך זע, אַז זיינע שוואַרצע געדיכטע בּרעמען שטרענגען זיך גוואַלדיק אָן און ווילן, אַז מע זאָל איבּערדעם אליין אָנהויבן ציטערן פאַר אים. איך זע, אַז זיינע אָנגעדראָדלטע פויסטן ווילן עפּעס אופטאָן. ער קריכט פון דער הויט...

דער מענטש לויפט אַריבּער פון טראָטואַר אפן וועג, טוט זיך א שטעל אָפּ אינמיטן און שרייט צו א טראַמוויי, וואָס האָט זיך בּאַוויזן אפן ראָג:

— הײ, דו!.. די אויגן זײַנען דיר ארויסגעקראָכן? דו זעסט ניט װער סע גײט! שטעל אָפּ דעם װאַגאָן, הײס איך! זשיװאָ!

דער טראַמװײַ לױפט אים אבער מיט צװײ גרױסע אָנגעצונדענע אויגן אַנטקעגן און יאָגט אים אװעק מיט ראַש פון װעג, װי א הינטל...

דער מענטש שפּרינגט ארײַן אין װאַגאָן און שרײַט אפן װאַגאָן־פירער, טופּעט מיט די פיס:

— דו! מיט װעמען שפּילסטו זיך, כאַמילאָ! גאָרדאָװאָי!! איך הײס אים טײקעף ארעסטירן, זשיװאָ!!

עמעצער נעמט דעם מענטשן גוטמוטיק אונטער דער האנט און פירט אים ארויס פון טראַמװײַ. דער מענטש טוט א הוסט און א שפּײַ:

— ראָסײאַי!.. לאַפּטיעס!.. שוין צײַט זיך אויסלערנען אָפּשײַ פאר א פאָלקאָװניק, כאַמעס!..

פלוצים פאָרט אַן אווטאָמאָביל און ס׳לױפן פונדאָרט ארויס צװײ פאַרשוינען, כאַפּן אָן דעם מענטש פאר בײדע הענט, זעצן אים טײקעף ארײַן אין אַװטאָ און פירן אים אװעקאהין, פונװאַנען ער אנטלױפט שוין דאס װיפלטע מאָל...

... און איך שטײ און קוק, װי די מאָדנע בריִע פארשװינדט פאר מײַנע אויגן. א רײנער, אויסגעצװאָגענער, לױטערער אָװנט איז איצט... ער!

# א ר אָ וו

איך האב אף מײַן לעבן קײנמאָל ניט גערעדט מיט קײן ראָוו. נאָר אין האַרבסט 1929 האב איך זיך געטראָפן מיט א ראָוו אין אָדעסער נאַצמינד פון קרײַזבילד. ער איז אַרײַן פאמעלעך מיט שטילע, װײכע טריט און זײַן לאַנגע שװאַרצע קאַפּאָטע מיטן פּליושענעם שטרײַמל און זויבער־װײַסער קאָלנער האט צוגעצוי־גען די אופמערקזאַמקײט פון אלע מיטארבעטער, װײַל שוין לאַנג, זײער לאַנג, װי די מיטארבעטער פון קרײַזבילד האבן בא זיך אין אנשטאַלט אזא באַזוכער ניט געזען. דער ראָוו איז צוגעגאַן צו א טיש, באקוקט מיט א צעעפּנט מויל דעם גאנצן ארום און האט מיט א צעצויגן קאָל א פרעג געטאָן:

— כ'בעט אײך... װו קאָן מען דאָ קריגן א דערלויבעניש אף א טראַנספּאָרטל?

די מיטארבעטער האבן אויסגעקערעװעט זײערע פּאַרטאָנענע פּענימער אפן ראָוו, און ער איז געשטאַנען פאַרהויבן בײדע הענט אינדערהויך, װי ער װאָלט גערדאַװנט, און אלץ נאָך געצויגן זײַן פראַגע:

— האַ?...

— בירגער, קורץ! װאס װילט איר?

— איך װיל גאָרניט. כ'האב שוין אופגעהערט צו װעלן. כ'װע... כ'װאָלט נאָר געװאָלט א פרעג טאָן, װו קאָן מע קריגן א דערלוי־בעניש אף א טראַנספּאָרטל קײן זאַגראַניצע?..

— װענדעט זיך בירגער אין יענעם צימער אף רעכטס.

אין „יענעם צימער אַף רעכטס" איז ער שוין געװען נאָך אײ־דער ער איז אהער אַרײַנגעקומען. ער האט געפּרוּװט גײן גלײַך

אין „יענעם צימער", קעדיי דעם אויסמיַידן, האט מען אים אבער דאָרט אָפּגעזאָגט... דער ראָוו איז ארויס אין קאָרידאָר און זיך צוגעזעצט אף א באנק, אויסרוען אביסל זיין שווערן קערפּער. ער האט צונויפגעפלאָכטן די פינגער און נאָר די צוויי גראָבע גע־דרייט איינעם איבערן אנדערן און געקוקט מיט זיינע פלוסטער־אויגן לאַנגזאַם אין אלע זייַטן און שטיל געזיפצט אין זיך. איך בין ארויס נאָך אים.

— רעבע — האב איך זיך צוגעזעצט נעבן אים און ניט זיכער א פרעג געטאָן (ווייַל איך האב קיינמאָל אף מיין לעבן מיט קיין ראָוו ניט געשמועסט) — רעבע, וואָס ווילט איר עס טראַנספּאָר־טירן?

— כ'ווע... אביסל ספאָרים... געמאָרעס... כומאָשים... דאָ דארף דאָך עס שוין סיַיווי קיינער ניט האבן! — ער האט מיך אָנגענומען מיט זיינע פעטע צעשמאָלצענע פינגער פארן קין און ארייַנגעקוקט מיר מיט זיינע אָנגעגאָסענע פלוסטער־אויגן אין פּאָנים אריַין — נו, אָט, אשטייגער, איר, יונגערמאַן, זאָגט דעם עמעס, איר וואָלט הייַנט געוואָלט לערנען געמאָרע?

— אסאַך ספאָרים ווילט איר כאָטש טראַנספּאָרטירן?

— כ'ווע... א קלייניקייט... איין וואַגאָן סאַכאַקל... כ'האב א ברודער אין פוילן, איז וויל איך עס אים איבערשיקן, זאָל ער דאָרט געניסן...

— רעבע, האב איך שוין מער דרייסטער א פרעג געטאָן — נו, און מיט וואס פארנעמען זיך אייַערע קינדער?

— ניט צו פארזינדיקן, דאַנקען גאָט... מייַנע קינדער זייַנען אלע קאָהעלשע מענטשן. איין זון איז בא מיר אין פּעטערבורג א כאַזן... א גוטער כאַזן. הייַנט האב איך א צווייטן זון, דארף ער שוין אינגיכן ווערן א ראָוו... הייַנט האב איך אן איידעם, איז האט ער א צעלניק אין מאָסקווע... הייַנט האב איך... אז וואס זאָל איך אייך זאָגן, יונגערמאַן? — האט דער ראָוו אָנגענומען מיט זיינע גראָבע פארשמאָלצעוועטע פינגער מייַן האַנט און זי אָנגעהויבן גלעטן. און מיר איז פון דעם געוואָרן עפּעס זייער

פריקרע, ווי א גרויסער זשוק וואלט געקראָכן אף מײַן האַנט —
אז ס'שײַעך דאָ צו ריידן... — און ער האט זיך אופגעהויבן פון
בענקל. מיר זיינען אינייינעם אינדרויסן ארויס.

בעשאַס מיר זיינען ביידע געגאנגען איבער דעריבאַסעווער גאַס,
האבן פארבײַגייערס עפּעס זייער מאָדנע געקוקט אף מיר. יעדער
פארבײַגייער, דערזעענדיק אונדז ביידן, האט ער זיך אָפּגעשטעלט
אף א רעגע און אונדז נאָכגעקוקט. מע האט געקוקט אף זיין
לאַנגער שוואַרצער קאַפּאָטע מיטן פּליושענעם שטרײַמל און אף
מײַן יונג־שטורעמישן כאַקי־קאָסטיום... אייניקע פארבײַגייער
האבן עפּעס אזוי מאָדנע געקוקט אף אונדז, אז ס'האט זיך
מיר אויסגעדוכט, אז אָט באלד וועט מען אונדז אָנהויבן נאָכ־
גיין, ווי מע גייט נאָך א שאַרמאַנשטשיק, אדער ווי קינדער לויפן
נאָך א ציגײַנער מיט א בער, קוקן, ווי אזוי דער בער וועט טאַנצן
„האָפּאַק"...

מײַן פּאָנים האט זיך צעפלאקערט פאר כאַרפּע... איך האב
זיך איידל צעזעגנט מיטן ראָוו און בין אנטרונען...

# א ש פּ י ל

אַווראָם קאַהאַנען

איך בין געשטאַנען אױף פּעלדמאַן-בולוואַר און געקוקט אױפֿן יאַם. דער גראָװער האָט ליבלעך געשטיפּט און געשפּיגן מיט שטיקער װאַסער־שטראָמען אױפֿן ברעג און נאָר געװאָלט אַנצײלן אין אונדז. נעבן מיר האָט אַן אַלטיטשקע אין אַ װײַסן טשיפּעק זיך געשפּילט מיט איר אײניקל. דאָס פּאָנים פֿון דער אַלטיטשקער איז געװען שטאַרק צעקאָרבט און צעקנײטשט און אַ גרױסע אומצופֿרידנקײט האָט אַרױסגעשפּראָצט פֿון אונטער די קאַרבן אױף איר פּאָנים און אַרױסגעקוקט דורך די טיפֿע אײַנגעפֿאַלענע אױגן . . .

— באַבעלע . . . — האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן — װי אַלט איז דאָס אײניקל ? . .

— נאָ, דו פֿאַרנעם זיך פֿונדאַנען, — האָט זי מיר אומצופֿרידן אָפּגעענטפֿערט, פּונקט װי כ׳װאָלט בײַ איר װעלן דאָס אײניקל אױסכאַפּן . . .

און אין גאַס האָט גערױשט . . . אױף פּעלדמאַן־בולװאַר האָט דער אַספֿאַלט אַ רײנער געגלאַנצט און געשײַנט. מענטשן האָבן זיך ליבן אַ באַלקאָן אָפּגעשטעלט. אַסאַך מענטשן.

— מיסטאַמע עמעצן איבערגעפֿאָרן — האָט די אַלטיטשקע אַ בורטשע געטאָן — אַז ס׳איז גאָר הײַנט הפֿקר װעלט געװאָרן . . . גײסט איבער דער גאַס, פֿאָרט אונטער אַן אַװטאָמאָביל און צעטרעט דיך װי אַ שפּענדל . . .

די מענטשן־כװאַליע האָט זיך אַלץ פֿאַרגרעסערט. אױף אַ באַלקאָן איז געשטאַנען אַ געזונטער אַרבעטער מיט אַ רױט בענדל אױפֿן ברוסט און האָט מיט צעשפּרײטע הענט און מיט פֿלאַטערדיקער פֿרײד פֿלאַמיק גערעדט . . . דאָס פּאָנים האָט בײַ אים געשײַנט.

ער האט גערעדט היציק, געפּלאַטערט מיט דער היטל, ווי מיט אַ פאָן...

אוילעם איז אלץ צוגעשווומען. די אלטיטשקע האט א בליק געוואָרפן אַף יענער זייט, גאָרנישט ניט געזען פונדערווייטנס, און אלץ געבורטשעט אירס:

— זעט נאָר... מע איז איבערגעפּאָרן א מענטשן, איז א גע־דולע...

... פּלוצים האט זיך פון ראָג א ראָטע קאָזאַקן באוויזן. ווייסע קאָזאַקן, צעיושעטע, מיט פּיקעס און נאַהייַקעס. די ראָטע האט זיך אפן אוילעם א לאָז געטאן מיט די פערד, געשינדן מיט די נאַהייַקעס, געשריגן, געגוואַלדעוועט, גראָבע מיִעסע זידלווער־טער האבן זיך יעדער ווייל ווי קוילן אופגעריסן און זיך ארומ־געטראָגן איבער פעלדמאַן־בולוואַר...

— זעץ די באָלשעוויקעס אין זייער מאמעס מאַמען אריין!...— זיינען קאָזאַקישע נאַהייקעס געפלויגן איבער קעפּ, און פון מענטשן געשונדן שטיקער הויט — זעץ די קאָמיסאַרן, זשאַלעווע ניט!..

די אַלטיטשקע, דערזעענדיק קאָזאַקן מיט פּאָגאָנעס, האט זי זיך עטלעכע מאָל דערשראָקן איבערגעציילעמט, א כאַפּ געטאן דאס קינד פון וויגעלע און זיך געלאָזט לויפן...

— היי, באַבקע! — האט איר אַנטקעגן געריטן א שיקערער קאָ־זאַק מיט א נאַהייַקע אין דער האנט — שטיי, באַבקע! דערציילֿ, ווו וווינען דאָ די באָלשעוויקעס...

א שווייס האט דער אלטיטשקער אין פּאָנים א שלאָג געטאן:

— וואס הייסט?.. אומעטום וווינען זיי, די אויסוואָרפן... אז ווו דו גיסט זיך הייַנט ניט א קער, איז קאָמיסאַרן...

— מאָלאָדיעץ באַבקאַ! — האבן זיך די קאָזאַקן צעלאַכט און זיך געהוידעט אף די זאָטלען — א גו, קום פיר אונדז צו די סאַמע גלאַוונע, וועלן מיר זיך מיט זיי אביסעלע א שפּיל טאָן...

די אלטיטשקע האט געשטוינט:

— וואס הייסט?.. אומעטום וווינען דאָ די גלאַוונע... וואס דארף איך אייך לאַנג פירן...

און בעשאַס די אלטיטשקע האט געפירט די קאָזאַקן צו די „גלאַוונע", האט הינטער זיי א קינאָ־אפּאַראַט געררישט און א מענטש האט געריסן דעם גאָרגל פון א גרויסן רופאָר ארויס:

— דרייסטער אביסל!.. כוצפּעדיקער!.. אזוי זעען דען אויס קאָזאַקן?..

... און די אלטיטשקע האט אפילע ניט געוווּסט, אז דאס איז געווען בלויז א שפּיל...

און איך האב געלאַכט, אזוי שטאַרק געלאַכט, ווי קיינמאָל ניט...

אָדעס, 1929 יאָר.

# אינהאלט


טענקאַ האָראָבעץ — מיין בעסטער גוטער־ברודער . . . . . . . . . . . . . 5
די „קאָמונקע" פון פינף (נאָוועלע) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 82
א דערציילונג וועגן א קוטשמע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 98
אין קלויסטער־הויף (דערציילונג) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 103
שלאַק (דערציילונג) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 132
כניאָקין (א שמייכל) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 154
אין א טונקל ווינקל (סקיצע) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 169
א שלייף (נאָוועלע) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 175
איינעמס א פארגאנגענהייט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 184


## קליינע דערציילונגען פון ציקל „קאָנטראַסטן"


אָוונט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 191
אַ ראָוו . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 194
אַ שפּיל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 197